וו. גראָסמאַן

# טרעבלינקער געהענעם



אָג״ז. מעלוכע-פֿאַרלאַג „דער עמעס" מאָסקווע 1945

ו. גראָסמאַן

GROSSMAN, VASILIY SEMENOVICH
TREBLINKER GENEM

# טרעבלינקער גענעם

אָגיז
מעלוכע־פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע 1945

Редактор Э. Фалькович. Переводчик Б. Котик.
Тех. редактор А. Фрумкин.

Б—11702. Сдано в произв. 17/III 1945 г. Подписано к печати 7/IV 1945 г. $2^3/_4$ п. л. уч. изд. л. 2,7. Кол. тип. зн. в листе 40.000. Тираж 15.000 экз. Заказ 1665. Формат $59\times84^1/_{32}$

18-я типография треста „Полиграфкнига" ОГИЗа при СНК РСФСР,
Москва, Денисовский пер., 30.

1

מיזרעכ-צו פונ ווארשע, לענגויס דעם מײַרעוו-בוג, ציִענ זיכ זאמדנ אונ זומפּנ, געדיכטע סאָסנע-וועלדער אונ בלעטער-וועלדער. א טרויעריק אונ וויסט אָרט. דערפער טרעפנ זיכ דאָ זעלטנ. אי דער גייער אי דער פאָרער מײַדנ אויס די זאמדיקע, שמאָלע שטעגלעכ אונ וועגלעכ, ווו די פיס זינקענ אונ די רעדער קריכנ ביז דער אקס ארײַנ אינ טיפנ זאמד.

דאָ, אפ דער סעדלעצער אײַזנבאנ-קאָלייע, העכער 60 קילאָמעטער פונ ווארשע, ניט ווײַט פונ דער סטאנציע מאלקיניע, ווו עס שנײַדנ זיכ איבער די אײַזנבאנענ, וואָס פירנ קיינ ווארשע, ביאליסטאָק, סעדלעצ, לאָמזשע — געפינט זיכ די קליינע, פארוואָרפענע סטאנציע טרעבלינקע.

א סאכ פונ די, וועלכע מע האָט אינ 1942 געבראכט צו פירנ קיינ טרעבלינקע, איז פרידנסצײַט געווענ אויסגעקומענ פארבײַצופאָרנ דאָ, מיט א צעשטרייטנ בליק זיכ אָפּצושטעלנ אפנ אומעטיקנ פייזאזש — סאָסנעס, זאמד, זאמד אונ ווידעראמאָל סאָסנעס, שיטער גראָז, טרוקענע קוסטעס, גרויע, מאָרעשכוירעדיקע סטאנציע-געבײַדעס,

קרייצונגענ פונ אײַזנבאנענ... אונ עפשער האָט אויכ
דער פאסאזשיר אפ א רעגע פארהאלטנ זײַנ בליק אפ
דער קאָלייע, וואָס גייט פונ דער סטאנציע אונ פאר-
שווינדט אינ וואלד, צווישנ די סאָסנעס. אָט די קאָלייע
פירט צומ קאריער, ווו מע פלעגט ארויסבאקומענ ווײַסנ
זאמד פאר דער אינדוסטריעלער אונ שטאָטישער בויונג.

דער קאריער געפינט זיכ 4 קילאָמעטער פונ סטאנ-
ציע, אפ א פוסטקע, וואָס איז פונ אלע זײַטנ ארומגע-
רינגלט מיט א סאָסנע-וואלד. דער באָדנ איז דאָ קארג
אונ אָרעמ, אונ די פויערימ באארבעטנ אימ ניט. די
פוסטקע איז שוינ אזוי פארבליבנ א פוסטקע. ווו-ניט-ווו
הייבנ זיכ נעבעכדיקע סאָסנעלעכ. א פויגל פליט אמאָל
פארבײַ. די דאָזיקע פוסטקע האָט דער דײַטשישער רײַכס-
פירער פונ עסעס הענריכ הימלער אויסגעקליבנ אונ בא-
גיטיקט אפ צו אָרגאניזירנ אפ איר אנ אומגעהייערע שכי-
טע, א שכיטע, וואָס פונ אזא האָט די מענטשהײַט ניט
געוווּסט, זינט די וועלט שטייט. דאָ איז געווענ אײַנגע-
אָרדנט די דײַטשישע הויפט-שכיטע, וואָס שטײַגט ארי-
בער סאָביבור, מײַדאנעק, בעלזשעצ, אָסווענצימ.

אינ טרעבלינקע זײַנענ געווענ צוויי לאגערנ: דער
ארבעט-לאגער נומ. 1, ווו עס האָבנ געארבעט ארעסטירטע
פונ פארשיידענע נאציאָנאליטעטנ, דעריקער פאָליאקנ, אונ
דער יידישער לאגער, דער לאגער נומ. 2.

דער לאגער נומ. 1, — דער ארבעט-לאגער אָדער



שטראָפ-לאגער, — האָט זיכ געפונענ דירעקט לעבנ דעמ
זאמד-קאריער, ניט ווײַט פונ וואלד. דאָס איז געווענ
א געוויינלעכער לאגער, איינער פונ די, וואָס די געסטא-
פאָ-לײַט האָבנ אינ די הונדערטער אונ טויזנטער אופ-
געבויט אינ די אָקופירטע מיזרעכ-ראיאָנענ. דער לאגער
איז אנטשטאנענ אינ 1941. אינ אימ האָבנ, ווי אינ עפעס
א מעשונעדיקנ סינטעז, עקזיסטירט אלע שטריכנ פונעמ
דײַטשישנ כאראקטער, פארקריפלטע אינעמ שרעקלעכנ
שפיגל פונעמ היטלערישנ רעזשימ. דאָ איז אלצ געטאָנ
געוואָרנ מיט דער בארימטער דײַטשישער אקוראטקײַט,
פינקטלעכקײַט, פעדאנטישער אויסגערעכנטקײַט.

דער לאגער איז געווענ צעטיילט אפ גראָדעקנ, די
באראקנ זײַנענ געווענ אויסגעשטעלט ווי לויט א ווירע,
די וועגעלעכ ארומגעזעצט מיט בעריאָזקעס, באשאָטנ מיט
געלנ זאמד. עס זײַנענ געווענ אײַנגעאָרדנט בעטאָנירטע
באסיינענ פאר געגנדז אונ קאטשקעס, באסיינענ צו וואשנ
וועש מיט באקוועמע טרעפ, א מוסטערהאפטע בעקערײַ,
א שערערײַ, א גאראזש, א בענזינ-קאָלאָנקע מיט א גלע-
זערנעמ קויק, סקלאדנ — דאָס אלצ אפ צו באדינענ דעמ
דײַטשישנ פערסאָנאל. אנ ערעכ לויט דעמ זעלבנ פרינ-
ציפ — מיט גערטנדלעכ, טרינק-קאָלאָנקעס, בעטאָנירטע
וועגנ — איז געווענ אײַנגעאָרדנט אויכ דער לובלינער לא-
גער אינ מײַדאנעק, לויט דעמ זעלבנ פרינציפ זײַנענ אײַנ-
געאָרדנט געוואָרנ צענדליקער אנדערע ארבעט-לאגערנ



אזוי האָט אויסגעזענ דער וועג אינ טרעבלינקע, איבער וועלכנ עס זײַנענ געגאנגענ די פאַרורטײלטע.



אינ מיזרעכ-פרײַסנ אונ אינ אנדערע ערטער — אומעטומ, ווו געסטאפּאָ אונ עסעס האָבנ זיכ געפילט פעסט אינ דער ריַיע.

מענטשנ פלעגנ אָנקומענ אינ לאגער טײלמאָל אפ גאָר א קורצנ טערמינ — אפ 4-5-6 כאָדאָשימ. אהערצו פלעגט מענ ברענגענ צו טרײַבנ פּאָליאקנ, וואָס זײַנענ אריווער געווענ אפ די געזעצנ פונ דער גענעראל-גובער-נאַטאָרשאַפט. דערבײַ זײַנענ דאָס בעדערעכ-קלאל אלצ געווענ קלײנינקײַטנ, ווײַל פאר אנ ערנסטנ „פאַרברעכנ" האָט געקומט ניט לאגער, נאָר טויט אפנ אָרט. א מע-סירע, א צופעליק וואָרט, א ניט ביזנ סאָפ אויסגעפילטע ליפערונג, אנ אָפּזאָג צו געבנ א דײַטש א פור אָדער א פערד, א האָזנ פונ א מײדל, וואָס האָט אָפּגעוואָרפנ די ליבע-פאָרשלאָגנ פונ אנ עסעסאָווענ, א כשאד אפ סאבאָטאזש, — דאָס אלצ האָט געבראכט הונדערטער אונ טויזנטער פּאָ-ליאקנ — ארבעטער, פויערימ, אינטעליגענטנ, מענער אונ מײדלעכ, אלטע לײַט אונ יוגנטלעכע, מאממעס פונ קינ-דער — אינ שטראָפּ-לאגער. ארומ אונ ארומ זײַנענ דורכנ לאגער דורכגעגאנגענ פּופּציק טויזנט מאנ. יעדנ פלעגנ ארײַנפאלנ אינ אָט דעמ לאגער נאָר אינ דעמ פאל, אויב זיי זײַנענ געווענ אָנגעזעענע, באַרימטע מײַסטערס — בע-קער, שוסטער, סטאָליערס, מוליערס, שנײַדערס. דאָ זײַ-נענ געווענ פאַרשײַדענע וואַרשטאטנ, דערונטער אויכ א היפשער מעבל-וואַרשטאט, וואָס האָט געליפערט פּאָ-

טער-שטולן, טישן, בענקלעך פאר די שטאבן פון דער
דײַטשישער ארמיי.

דער לאגער נום. 1 האָט עקזיסטירט פון הארבסט
1941 ביזן 23 יול 1944. ער איז פולשטענדיק ליקווידירט
געוואָרן, ווען די ארעסטירטע האָבן שוין געהערט דעם
טויבן הילך פון דער סאָוועטישער ארטילעריע...

דעם 23 יול אינדערפרי האָבן די וואכלײַט און די
עסעס אויסגעטרונקען פון פרייִלעכקײַט וועגן שנאפס און
זײַנען צוגעטראָטן צום ליקווידירן דעם לאגער. צו אָוונט-
צו זײַנען דערהארגעט און פארגראָבן געוואָרן אלע ארעס-
טירטע. עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו ראטעווען דעם װארשע-
ווער סטאָליער מאקס לעוויט. א פארוווּנדעטער איז ער
אָפּגעלעגן אונטער די טויטע קערפּערס פון זײַנע כא-
ווײרים ביז נאכט און איז אװעקגעקראָכן אין וואלד. ער
האָט דערציילט, אז ליגנדיק אין גרוב, האָט ער געהערט,
ווי דרײַסיק ייִנגלעך האָבן פארן טויט געזונגען די ליד,
„שיראָקא סטראנא מאָיא ראָדנאיא”, ער האָט געהערט,
ווי איינער פון די ייִנגלעך האָט א געשריי געטאָן: „סטא-
לין וועט נעקאָמע נעמען!”, ער האָט געהערט, ווי ליי-
בעלע, דער ליבלינג פונעם לאגער, וואָס איז געפאלן צו
אים אין גרוב ארײַן, האָט זיך אונטערגעהויבן און א
בעט געטאָן: „דער הער וואכמאן - האָט ניט געטראָפן,
איך בעט שיסן נאָכאמאָל, נאָכאמאָל”.

איצט קאָן מען גענוי דערציילן וועגן די פאַראָנד-



קעס אינעם דאָזיקן ארבעטס-לאגער. צענדליקער איידעס,
פּאָליאקן — מענער און פרויען, וועלכע זײַנען געלאָפן אָדער
וועלכע מע האָט זײַנער-צײַט ארויסגעלאָזן פונעם לאגער
נום. 1, דערציילן אין זייערע גענויע באווײַזן וועגן די גע-
זעצן פונעם ארבעטס-לאגער. מיר ווייסן וועגן דער ארבעט
אינעם זאמד-קאריער, וועגן דעם, אז די, וואָס האָבן ניט
אויסגעפילט די נאָרמע, פלעגט מען אראָפּווארפן פונעם
אָפּהאנג אין רוי ארײַן, מיר ווייסן וועגן דער דערנע-
רונגס-נאָרמע: 170 — 200 גראם ברויט א טאָג און א לי-
טער שיטערוכע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען זופּ, מיר
ווייסן וועגן פאלן פון הונגער-טויט, וועגן געשוואָלענע,
וועלכע מע פלעגט אפּ וועגעלעך ארויספירן הינטער די שטע-
כיקע דראָטן און דאָרטן שיסן, מיר ווייסן וועגן די ווילדע
אָרגיעס, וואָס די דײַטשן פלעגן אײַנאָרדענען, וועגן דעם,
וויאזוי זיי האָבן געשענדעט מיידלעך און גלײַך אפּן אָרט גע-
הארגעט זייערע אומגליקלעכע געליבטע, וועגן דעם, וויאזוי
מע פלעגט פון א זעקסמעטערדיקן טורעם אראָפּווארפן מענטשן,
ווי שיקערע קאָמפּאניעס פלעגן בײַנאכט ארויסנעמען פון א
באראק א 15-10 ארעסטירטע און אָנהייבן ניט געצײַלט
דעמאָנסטרירן אפּ זיי פארשיידענע מעטאָדן פון הארגע-
נען מענטשן, שיסנדיק די פארורטיילטע אין הארצן, אין
קאָפּ, אין אויג, אין מויל, אין שלייף. מיר ווייסן די
נעמען פון די לאגער-עסעסאָווצעס, זייער טעווע, די כא-
ראקטעריסטישע אייגנשאפטן. מיר קענען דעם שעפּ פון

לאגער, דעמ האָלענדישנ דײַטש וואנ-אײפּענ, דעמ אומגעזעטיקטנ מערדער אונ אומגעזעטיקטנ זוילעל-ווערסויוועניק, דעמ ליבהאָבער פונ גוטע פערד אונ שנעלנ רײַטער-געיעג, מיר קענענ דעמ מאטיוונ יונגנ שטומפּפּע, וועלכער פלעגט זיכ שטיקנ פונ געלעכטער יעדעס מאָל, ווענ ער פלעגט דערהארגענענ עמעצנ פונ די ארעסטירטע אָדער ווענ מע פלעגט אינ זײַנ קעגנווארט עמעצנ דערמאָרדנ. מע האָט אימ געגעבנ א צונאָמענ „לאכנדיקער טויט". דאָס לעצטע מאָל האָט אימ מאקס לעוויט געהערט לאכנ דעמ 23 יול 1944, ווענ די וואכלײַט האָבנ לויט שטומפּפּעס באפעל דערשאָסנ די יינגלעכ. מיר קענענ דעמ איינ-אויגיקנ דײַטש פונ אָדעס סווידערסקי, וועלכנ מע האָט א נאָמענ געגעבנ „האמער-מײַסטער". דאָס האָט מענ אימ געהאלטנ פאר א קאָנקורענצלאָזנ ספּעציאליסט פונ „אָפּלייגנ אפ קאלט", אונ דאָס האָט ער אינ מעשעכ פונ עטלעכע מינוט דערהארגעט מיט זײַנ העמערל פופצנ קינדער אינ עלטער פונ 8 ביז 13 יאָר, וועלכע האָבנ זיכ ניט אויסגעטויגט צו שווערער ארבעט. מיר קענענ דעמ דארנ, אפ א ציגײַנער ענלעכנ עסעסאָוועצ פרייפי, מיטנ צונאָמענ „אלטער", — א מאָרעשכוירעניק אונ א שווײַגער. זײַנ מאָרעשכוירע פלעגט ער צעשטרייענ אפ אזא אויפנ: זיצנדיק אפ דער מיסטגרוב, פלעגט ער טשאטעווענ אפ די ארעסטירטע, וואָס פלעגנ בישטיקע קומענ אהער עסנ קארטאָפל-שאָלעכצ. דאָ האָט ער זיי געפאקט,



געצווונגענ עפּענענ די מײַלער אונ דערנאָכ געשאָסנ אינ מויל ארײַנ.

מיר ווייסנ די נעמענ פונ די מערדער די פראָפעסיאָנאלנ שווארצ אונ לעדעק. דאָס האָבנ זיי זיכ פארווײַלט דערמיט, וואָס זיי פלעגנ שיסנ אינ די ארעסטירטע, וועלכע האָבנ זיכ געהאט אומגעקערט פונ דער ארבעט, אונ פלעגנ טאָגטעגלעכ דערמאָרדנ צו 20, 30, 40 מאנ.

אזוי האָט געלעבט דער דאָזיקער לאגער, א פארקלענערטע קאָפּיע פונ מײַדאנעק, אונ עס האָט זיכ געקאָנט ארויסווײַזנ, אז קיינ שרעקלעכערס איז שוינ גאָר אינ דער וועלט ניטאָ. די אָבער, וואָס האָבנ געלעבט אינעמ לאגער נומ. 1, האָבנ גוט געוווסט, אז עס איז פאראנ אזוינס, וואָס איז הונדערטער מאָל שרעקלעכער, ווי זייער לאגער. דרײַ קילאָמעטער פונעמ ארבעטס-לאגער האָבנ די דײַטשנ אינ מײַ 1942 אָנגעהויבנ בויענ א יידישנ לאגער — א גרויסע, אומגעהייער גרויסע אקיידע. די בויונג איז געגאנגענ מיט שנעלע טעמפּנ, עס זײַנענ דאָ באשעפטיקט געווענ 1000 ארבעטער.

אינ אָט דעמ לאגער איז קיינ זאכ ניט געווענ צוגעפאסט צומ לעבנ, אלצ איז געווענ צוגעפאסט נאָר צו טויט. לויט הימלערס אידיי, האָט די עקזיסטענצ פונ דעמ דאָזיקנ לאגער געזאָלט זײַנ א גרויסער סאָד. קיינ איינ מענטש האָט קיינ לעבעדיקער ניט געטאָרט פונ דאָרט ארויס. קיינעמ איז ניט דערלויבט געווענ דערנענטערנ זיכ צו

דעם דאָזיקנ לאַגער. אַפּ א קילאָמעטער ווײַט האָט מענ אינ יעדנ צופעליקנ פאַרבײַגייער געשאָסנ אָנ א וואָרע-נונג. די אַראָפּלאַנענ פונ דער דײַטשישער אַוויאַציע איז פאַרבאָטנ געווענ צו פליִענ איבער אָט דעם ראַיאָנ. די קאָרבאָנעס, וועלכע מע פלעגט עשעלאָנענווײַז איבער א ספּעציעלער קאַלייע צופירנ אַהער, האָבנ ביז דער לעצ-טער מינוט ניט געוווּסט, וואָס עס דערוואַרט זיי. די וואַכ, וואָס האָט באַגלייט די עשעלאָנענ, האָט מענ ניט אַרײַנ-געלאָזנ אַפילע הינטער דער דרויסנדיקער צאַמ פונעמ לאַ-גער. יעדער עשעלאָנ, וואָס איז געווײנלעכ באַשטאַנענ פונ זעכציק וואַגאָנעס, איז אינ וואַלד לעבנ לאַגער צע-גלידערט געוואָרנ אַפּ דרײַ טײלנ, א לאָקאָמאָטיוו פלעגט דערלאַנגענ יעדע צוואַנציק וואַגאָנעס צו דער לאַגער-פּלאַט-פאָרמע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געשטופּט די וואַגאָנעס פונ הינטנ אונ פלעגט זיכ אָפּשטעלנ לעבנ די דראָטנ, אַזוי'אַרומ איז ניט דער מאַשיניסט, ניט דער הייצער ניט אַריבערגעטראָטנ די גרענעצ פונ לאַגער. ווענ די צוואַנ-ציק וואַגאָנעס זײַנענ שוינ געווענ אויסגעלאָדנ, פלעגט דער דעזשורנער אונטעראָפיצער פונ עסעס-מיליטער מיט א פײַפ אַרויסרופנ נײַע צוואַנציק וואַגאָנעס, וואָס האָבנ געוואַרט א 200 מעטער פונ דאָרט. ווענ עס פלעגנ אויס-געלאָדנ ווערנ אַלע זעכציק וואַגאָנעס, פלעגט די קאָמענ-דאַטור פונ לאַגער טעלעפאָניש אַרויסרופנ פונ דער סטאַנ-ציע א נײַעמ עשעלאָנ, אונ דער אויסגעלאָדענער פלעגט



גײנ ווײַטער איבער דער קאַלייע צומ קאַריער, ווו די וואַגאָנעס פלעגנ אָנגעלאָדנ ווערנ מיט זאַמד אונ פלעגנ אַוועק צו די סטאַנציעס טרעבלינקע, מאַלקיניע שוינ מיט א נײַער פראַכט.

דאָ האָט זיכ ערשט אַנטפּלעקט אינ דער פולער מאָס, וואָס פאַר א באַקוועמע לאַגע טרעבלינקע פאַרנעמט — עשעלאָנענ מיט קאָרבאָנעס זײַנענ אַהער געגאַנגענ פונ אַלע פיר עקנ וועלט, פונ מיזרעכ אונ פונ מײַרעוו, פונ דאָרעמ אונ פונ צאָפנ. עשעלאָנענ פונ די פּוילישע שטעט טשענסטאָכאָוו, סעדלעצ, ראַדאָמ, ביאַליסטאָק, לאָמזשע, עשעלאָנענ פונ גראָדנע אונ כּיל אַנדערע שטעט פונ ווײַס-רוסלאַנד, פונ דײַטשלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, בולגאַריע אונ בעסאַראַביע.

עשעלאָנענ זײַנענ געגאַנגענ קיינ טרעבלינקע אינ מע-שעכ פונ דרײַצנ כאָדאָשימ, אינ יעדנ עשעלאָנ זײַנענ געווענ זעכציק וואַגאָנעס, אונ אַפּ יעדנ וואַגאָנ זײַנענ מיט קרײַד געווענ אָנגעשריבנ די ציפער 150-180-200 — די צאָל מענטשנ אינ וואַגאָנ. אײַזנבאַנ-באַאַמטע אונ פויערימ האָבנ געהיימ געפירט דעמ כעזשבנ פונ די דאָזיקע עשעלאָנענ. דער פויער פונעמ דאָרפ וואָלקא (דער נאָענטסטער באַפעלקערטער פונקט צומ לאַגער) דער זעכ-ציקיאָריקער קאַזימיר סקאַרזשינסקי האָט מיר דערציילט, אַז עס פלעגט טרעפנ טעג, ווענ פאַרבײַ וואָלקא פלעגנ בלויז איבער דער סעדלעצער באַנ-ליניע דורכגײנ זעקס

עשעלאָנענ, אונ אינ מעשעכ פונ די אַלע דרײַצנ כאַדאָ-
שימ זײַנענ קימאַט ניט געווענ קיינ טעג, עס זאָל ניט
דורכגיינ כאָטש איינ עשעלאָנ. אונ די סעדלעצער באַנ-
ליניע איז געווענ בלויז איינע פונ די פיר באַנ-ליניעס,
וואָס האָבנ געענערט טרעבלינקע. דער אײַזנבאַנ-אַרבעטער
לוציאַנ צוקאָווא, וועלכנ די דײַטשנ האָבנ מאָביליזירט
צו אַרבעטנ אפ דעמ אײַזנבאַנ-צווײַג, וואָס גייט פונ
טרעבלינקע צומ לאַגער נומ. 2, דערציילט, אַז פאַר דער
צײַט, וואָס ער האָט דאָרט געאַרבעט, פונ 15 יונ 1942
ביז אויגוסט 1943, זײַנענ מיט אָט דער ליניע פונ דער
סטאַנציע טרעבלינקע אינ לאַגער יעדנ טאָג געקומענ פונ
איינעמ ביז דרײַ צוגנ. אינ יעדנ צוג איז געווענ צו זעכ-
ציק וואַגאָנעס, אונ אינ יעדנ וואַגאָנ ניט ווייניקער פונ
150 מענטשנ. אזוינע באַווײַזנ האָבנ מיר צענדליקער.

אויב מיר וועלנ אפילע אײַנצווייענ פאַרקלענערנ אַלע
ציפערנ וועגנ דער באַוועגונג פונ די עשעלאָנענ צו טרעב-
לינקע, וועלכע די אײַדעס האָבנ אָנגעגעבנ, וועט דאָכ די
צאָל מענטשנ, געבראַכטע אַהינ אינ מעשעכ פונ די דרײַצנ
כאַדאָשימ, באַטרעפנ א 3 מיליאָנ מאַנ. צו דער דאָזיקער
ציפער וועלנ מיר זיכ נאָכ אומקערנ.

דער לאַגער גופע מיט דער אויסערלעכער צאַמ, מיט
די סקלאַדנ פונ די זאַכנ פונ די דערהאַרגעטע, מיט דער
פּלאַטפאָרמ אונ מיט די איבעריקע געבײַדעס האָט פאַר-
נומענ זייער ניט קיינ גרויסנ שטעכ — 600×780 קוואַד-



ראַט-מעטער. אויב מע זאָל אפ איינ רעגע אָנהייבנ צו
צווייפלענ אינעמ גורל פונ די אַהער געבראַכטע מיליאָ-
נענ מענטשנ אונ מע זאָל אפ איינ רעגע מעשאַער
זײַנ, אַז די דײַטשנ האָבנ זיי ניט דערהאַרגעט גלײַכ, ווי
מע האָט זיי געבראַכט, איז, ווו זײַנענ זיי, די דאָזיקע
מענטשנ, וואָס זייער צאָל האָט באַטראָפנ אַזויפיל, וויפל
א באַפעלקערונג פונ א קליינער מעלוכע אָדער פונ א
גרויסער אײראָפּייִשער הויפּטשטאָט? דרײַצנ כאַדאָשימ —
396 טעג פלעגנ די עשעלאָנענ אַוועק געלאָדענע מיט
זאַמד אָדער פּוסטערהייט, קיינ איינ מענטש פונ די אָנ-
געקומענע אינ לאַגער נומ. 2 איז ניט געפאָרנ צוריק.

דעמ פאַשיזמ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ צו מאַכנ א
סאָד פונ אָט דעמ קאָלאָסאַלנ פאַרברעכנ זײַנעמ. אונ קלאָר
ניט דערפאַר, ווײַל טויזנטער מענטשנ זײַנענ ניט ווילנ-
דיק געווענ אײַדעס דערפונ. זיכער אינ זײַנ אומבאַשטראָפט-
קײַט, האָט היטלער אָנגענומענ דעמ באַשלוס וועגנ אויס-
ראָטנ מיליאָנענ מענטשנ זומער 1942, אינעמ פעריאָד פונ
די גרעסטע דערפאָלגנ פונעמ דײַטשישנ מיליטער. איצט
קאָנ מענ דערווײַזנ, אַז די הויפּט-ציפערנ פונ די מאָרדנ,
וואָס די דײַטשנ זײַנענ באַגאַנגענ, פאַלט אפנ יאָר 1942.
זיכער אינ זייער אומבאַשטראָפטקײַט, האָבנ די דײַטשנ
באַוויזנ, וואָס זיי קענענ. אָ, ווענ אַדאָלפ היטלער וואָלט
געזיגט, וואָלט ער באַוויזנ דעמ קונצ צו באַהאַלטנ די
שפּורנ פונ אַלע פאַרברעכנס, ער וואָלט געצוווּנגענ אַנ-

שוויַגנ צו ווערנ אַלע אײדעס, ווענ אַזוינע וואָלטנ אַפילע געווענ צענדליקער טויזנטער, אונ ניט קײנ טויזנטער.

די זיגנ פונ דער רויטער אַרמײ — אָט וואָס עס האָט געשטערט הימלערנ אויסצובאַהאַלטנ דעמ סאָד פונ טרעבלינקע.

הײַנט האָבנ די אײדעס אָנגעהויבנ רײדנ, די שטײנער אונ די ערד רופנ צו נעקאָמע. מיר קאָנענ פאַרנ געזעלשאַפטלעכנ געוויסנ פונ גאָר דער וועלט, פאַר די אויגנ פונ דער גאַנצער מענטשהײַט, טראָט נאָכ טראָט אַנטפלעקנ אַלע עטאַפנ פונעמ טרעבלינקער גענעמ, וואָס אינ פאַרגלײַכ מיט אימ איז דאַנטעס גענעמ ניט מער ווי א קינדער־שפיל.

אַלצ, וואָס דאָ איז אָנגעשריבנ, איז צונויפגעשטעלט לויט דערציילונגענ פונ לעבעדיקע אײדעס, לויט די באַווײַזנ פונ מענטשנ, וואָס האָבנ געאַרבעט אינ טרעבלינקע פונ דעמ ערשטנ טאָג אָנ, זינט דער לאַגער האָט עקזיסטירט, ביזנ 2 אווגוסט 1943, ווענ די אופגעשטאַנענע טויט־פאַרורטײלטע האָבנ אונטערגעצונדנ דעמ לאַגער אונ זײַנענ אַנטלאָפנ אינ וואַלד; לויט די באַווײַזנ פונ די אַרעסטירטע וואַכלײַט, וואָס האָבנ באַשטעטיקט ביז א וואָרט די דערציילונגענ פונ די אײדעס אונ נאָכ דערגאַנצט זײ. די דאָזיקע אַלע מענטשנ האָב איכ פערזענלעכ געזענ, לאַנג אונ גענוי געשמועסט מיט זײ, זײערע שריפטלעכע באַווײַזנ ליגנ אפ מײַנ טיש —



אונ אָט די אַלע פילצאָליקע גוויִעס־אײדעס, גענומענע פונ פאַרשײדענע קוועלנ, פאַלנ צונויפ אינ אַלע דעטאַלנ, אָנגעהויבנ פונ די גענג פונעמ קאָמענדאַנטס הונט „באַרי" אונ געענדיקט מיטנ באַשרײַבנ די טעכנאָלאָגיע פונ דערמאָרדנ די קאָרבאָנעס אונ פונ אײַנאָרדענענ די קאָנווײער־שכיטע.

איז לאָמיר זיכ לאָזנ גײנ איבער די עטאַפנ פונעמ טרעבלינקער גענעמ.

ווער זײַנענ געווענ די מענטשנ, וואָס מע האָט עשעלאָנענווײַז געבראַכט קײנ טרעבלינקע?

דעריקער — ייִדנ, אויכ פאָליאַקנ אונ ציגײַנער. צו פרילינג 1942 איז די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פונ פוילנ, דײַטשלאַנד, פונ די מײַרעוו־ראַיאָנענ פונ ווײַסרוסלאַנד שוינ געווענ צונויפגעטריבנ אינ די געטאָס. אינ די דאָזיקע געטאָס — אינעמ וואַרשעווער, ראַדאָמער, טשענסטאָכאָווער, לובלינער, ביאַליסטאָקער, גראָדנער אונ אינ פיל אַנדערע, קלענערע — זײַנענ צונויפגעקליבנ געוואָרנ מיליאָנענ ייִדישע אַרבעטער, באַלמעלאָכעס, דאָקטוירימ, פראָפעסאָרנ, אַרכיטעקטאָרנ, אינזשעניערנ, לערער, קונסט־טוער, מענטשנ פונ אַנדערע פראָפעסיעס, אַלע מיט מישפאָכעס, מיט פרויענ, טעכטער, זינ, מוטערס אונ פאָטערס. אינ וואַרשעווער געטאָ אַלײנ האָבנ זיכ געפונענ בא פינפ הונדערט טויזנט מאַנ. ווײַזט אויס, אַז דאָס פאַרשפאַרנ די ייִדנ אינ די געטאָס איז געווענ

דער ערשטער טייל פונעם היטלערישן פלאן אויסצוראָטן
די ייִדן. זומער 1942, דער פעריאָד פון די קריגס-דער-
פאָלגן פ׳נעם פאשיזם, איז אָנערקענט געוואָרן פאר דער
פאסיקסטער צײַט אפ דורכצופירן דעם צווייטן טייל פו-
נעם פלאן — פיזיש פארניכטן די ייִדן. ס׳איז באוווסט,
אז הימלער איז צו יענער צײַט געווען געקומען קיין
ווארשע און האָט אָפּגעגעבן די אנטשפרעכיקע פאראָר-
דענונגען.

טאָג און נאכט איז געגאנגען די צוגרייטונג צו דער
טרעבלינקער האריגע. אין יול זײַנען שוין קיין טרעב-
לינקע געגאנגען די ערשטע עשעלאָנען פון ווארשע און
טשענסטאָכאָוו. די מענטשן האָט מען געזאָגט, אז מע
פירט זיי קיין אוקראַינע ארבעטן אין דער לאנדווירט-
שאפט. עס איז דערלויבט געווען צו נעמען מיט זיך
שפּײַז און 20 קילאָגראם באגאזש. אין א סאך פאלן
האָבן די דײַטשן געצווונגען זייערע קאָרבאָנעס צו קויפן
אײַנבאן-בילעטן ביז דער סטאנציע „אָבער-מײַדאן" (דאָס
איז בא די דײַטשן געווען אן אָפּגערעדטער נאָמען פאר
טרעבלינקע). דער קלאנג וועגן דעם שוידערלעכן אָרט
האָט זיך שוין צו יענער צײַט געהאט צעטראָגן איבער
גאנץ פוילן, און דעריבער האָבן די עסעסאָווצעס באם
ארײַנזעצן די מענטשן אין די עשעלאָנען אויפגעהערט צו
באנוצן דאָס וואָרט טרעבלינקע. די באהאנדלונג אָבער
איז דערבײַ געווען אזא, אז זי האָט ניט ארויסגערופן



קיין שום צווייפל בענעגײַע דעם גורל, וואָס דערוואַרט
די פאסאזשירן. אין א פראכט-וואגאָן פלעגט מען ארײַנ-
שפארן ניט ווייניקער פון 150 מענטשן, אָפט אפילע
180—200. דעם גאנצן וועג, און ער האָט טיילמאָל גע-
דויערט צוויי-דרײַ טעג, האָט מען די ארעסטירטע ניט
געגעבן קיין וואסער. די מענטשן האָבן אזוי געליטן פון
דאָרשט, אז זיי האָבן געטרונקען זייער אייגענע האַש-
טאָנע. די וואכ האָט געפאָדערט הונדערט זלאָטעס פאר
א טרונק וואסער. באקומען דאָס געלט, פלעגן די וואכ-
לײַט ערשט קיין וואסער ניט געבן. אין די וואגאָנעס
איז געווען א שרעקלעכע ענגשאפט. מע איז געפאָרן,
צוגעדריקט איינער צום צווייטן, טיילמאָל — אפילע שטיי-
ענדיק. אין יעדן וואגאָן, באזונדערס אין די הייסע, שטיקנ-
דיקע זומער-נעכט, זײַנען געווען פאלן, ווען אלטע לײַט
און הארץ-קראנקע האָבן ניט אויסגעהאלטן און זײַנען
אויסגעגאנגען. די טירן פלעגט מען ביזן סאָף פון דער נעסיע
ניט עפענען, די טויטע קערפערס פלעגן זיך אָנהייבן
צעלייגן, אָפּסאמענדיק די לופט אין וואגאָן. אויב עמע-
צער פון די פאָרנדיקע פלעגט באנאכט אָנצינדן א שוועבעלע,
פלעגט די וואכ גלײַך אָנהייבן צו שיסן אין די
ווענטלעך פונעם וואגאָן. דער פאריקמאכער אווראָם קאָן
דערציילט, אז אין זײַן וואגאָן זײַנען געווען א סאך פאר-
וווּנדעטע און פינף דערהארגעטע מאכמעס דעם, וואָס
די וואכ האָט געשאָסן אין די ווענטלעך פונעם וואגאָן.

גאָר אנדערש פלעגנ קומענ צו פאָרנ קיינ טרעב-
לינקע די צוגנ פונ די מײַרעוו-אײראָפּײַשע לענדער —
פונ פראנקרײַכ, בולגאריע, עסטרײַכ אאוו. דאָ האָבנ די
מענטשנ קיינ זאכ ניט געהערט וועגנ טרעבלינקע אונ
האָבנ ביז דער לעצטער מינוט געגלייבט, אז מע פירט
זיי אפ ארבעט, דערבײַ האָבנ נאָכ די דײַטשנ דערציילט
פיסעמ אונ ראמסעס וועגנ דעמ נײַעמ לעבנ, וואָס דער-
ווארט די איבערוואנדערער. די פאסאזשירנ פונ אייניקע
עשעלאָנענ זײַנענ געקומענ זיכערע, אז מע פירט זיי קיינ
אויסלאנד, אינ נייטראלע לענדער. פאר גרויס געלט האָבנ
זיי זיכ אפילע אײַנגעשאפנ בא דער דײַטשישער מאכט
ארויספאָר-וויזעס אונ אויסלענדישע פעסער.
איינמאָל איז קיינ טרעבלינקע געקומענ א צוג מיט
בירגער פונ קאנאדע, אמעריקע, אווסטראליע, וואָס זײַ-
נענ ביימ דער מילכאָמע געבליבנ שטעקנ אינ אײראָפּע
אונ אינ פוילנ. נאָכ לאנגע ארומלויפענישנ, נאָכ געבנ
כאבאר אפ רעכטס אונ לינקס האָבנ זיי זיכ דערשלאָגנ
א דערלויבעניש ארויסצופאָרנ אינ די נייטראלע לענדער.
אלע צוגנ פונ די אײראָפּײַשע לענדער פלעגנ קומענ
אָנ א וואכ, מיט א געוויינלעכער באדינערשאפט. די דאָ-
זיקע צוגנ האָבנ געהאט שלאָפ-וואגאָנעס אונ וואגאָנ-
רעסטאָראנענ. די פאסאזשירנ האָבנ געפירט מיט זיכ גרוי-
סע קופערטס אונ טשעמאָדאנעס אונ גרויסע זאפאסנ
שפײַז. די קינדער פונ די פאסאזשירנ פלעגנ ארויסלויפנ



אפ די סטאנציעס אונ פרעגנ, צי ס׳איז נאָכ ווײַט צו
אָבער-מײַדאנ.
פונ צײַט צו צײַט פלעגנ קומענ עשעלאָנענ מיט
ציגײַנער פונ בעסאראביע אונ פונ אנדערע ראיאָנענ.
עטלעכע מאָל זײַנענ אָנגעקומענ עשעלאָנענ מיט יונגע
פאָליאקנ — ארבעטער אונ פויערים, וואָס האָבנ אָנטייל
גענומענ אינ אופשטאנדנ אונ אינ פארטיזאנישע אָט-
ריאדנ.
ס׳איז שווער צו זאָגנ, וואָס איז שוידערלעכער:
פאָרנ צומ טויט אינ שרעק אונ פײַנ, מיטנ באוווסטזײַנ,
אז ער דערנעענטערט זיכ, אָדער גאָרניט ווויסנדיק וועגנ
אומקומ, ארויסקוקנ פונעמ פענצטער פונ א ווייכנ וואַ-
גאָנ אינ דעמ מאָמענט, ווענ פונ דער סטאנציע טרעב-
לינקע טעלעפאָנירט מענ שוינ אינ לאגער אונ מע גיט
צו וויסנ וועגנ דעמ אָנגעקומענעמ צוג אונ וועגנ דער
באָל מענטשנ אינ אימ.
קעדײַ ביזנ סאָפ אָפנארנ די מענטשנ, וואָס זײַנענ
אָנגעקומענ פונ אײראָפּע, איז אפילע די אײַזנבאנ-סטאנ-
ציע פונעמ טויט-לאגער געווענ אויסגעשטאט ווי א מינ
פאסאזשיר-סטאנציע. אפ דער פלאטפאָרמע, ווו עס זײַ-
נענ אויסגעלאָדנ געוואָרנ די אָרדנטלעכע צוואנציק וואַ-
גאָנעס, איז געשטאנענ א וואָקזאל-געבײַדע מיט א קאַ-
סע, מיט א באגאזש-קאמער, מיט א רעסטאָראנ. אומע-
טומ זײַנענ געווענ אָנגעקלאפט פלעטלעכ מיט אופשריפטנ:

„אפ ביאליסטאָק", „אפ באראנאָוויטש", „אפ וואָלקאָוויסק"
אאוו. באם אָנקומענ פונ אנ עשעלאָנ פלעגט אינ דער
וואָקזאל-געבײַדע שפּילנ אנ אָרקעסטער, אלע מוזיקאנטנ
זײַנענ געווענ גוט אָנגעטאָנ. א שווייצאר אינ דער אר-
ניפאָרם פונ אנ אײַזנבאנ-באאמטנ האָט צוגענומענ בא
די פּאטאזשירנ זייערע בילעטנ אונ האָט זיי ארויסגע-
לאָזנ אפנ פּלאצ. דרײַ-פיר טויזנט מענטשנ, אָנגעלאָדענע
מיט זעק אונ טשעמאָדאנעס, אונטערהאלטנדיק די אלטע
אונ קראנקע, פלעגנ ארויס אפ דעמ דאָזיקנ פּלאצ. מו-
טערס האָבנ געטראָגנ קינדער אפ די הענט, די עלטערע
קינדער האָבנ זיכ אָנגעהאלטנ אָנ די עלטערנ אונ אופ-
מערקזאמ זיכ ארומגעקוקט. עפּעס באוּמרויִקנדיקס אונ
איימעדיקס איז געווענ אינ אָט דעמ פּלאצ, אנ אויס-
געטראָטענעמ פונ מיליאָנענ מענטשלעכע פיס. דער אָנ-
געשטרענגטער בליק פונ די נײַ-אָנגעקומענע האָט שנעל
אופגעכאפּט מאָדנע, זייער מאָדנע קלייניקײַטנ — אפנ פּלאצ,
אנ אײַליק צוגעקערטנ, ווײַזט אויס, מיט עטלעכע מינוט
פאר דעמ, ווי ס'איז ארויס די פּארטיע, האָבנ זיכ גע-
וואלגערט אוועקגעוואָרפענע זאכנ — א פּעקל קליידער,
אָפענע טשעמאָדאנענ, גאָל-מאכשירימ, עמאלירטע פענד-
לעכ. וויאַזוי קומענ זיי אהער? אונ פארוואָס עפּעס ענ-
דיקט זיכ די אײַזנבאנ גלײַכ הינטער דער וואָקזאל-פּלאט-
פאָרמע, פארוואָס וואקסט דאָ געל גראָז אונ עס ציִענ
זיכ דראָטנ אפ דרײַ מעטער די הייכ? ווו זשע איז דער



וועג אפ ביאליסטאָק, אפ סעדלעצ, ווארשע, וואָלקאָוויסק?
אונ פארוואָס שמייכלענ אזוי מאָדנע די וואכלײַט,
באטראכטנדיק די מאנצבלענ, וואָס פאריכטנ די שניפּסנ;
די אָפּגעהיטע אלטיטשקע; די יינגלעכ אינ מאטראָסקעס;
די דארינקע מיידלעכ, וואָס האָבנ באוויזנ א קונצ צו
בלײַבנ רײַנ אונ ציכטיק נאָכנ לאנגנ וועג; די יונגע מו-
טערס, וואָס פאריכטנ מיט אזויפיל ליבע די לײַלעכלעכ
אפ זייערע אייפעלעכ? אָט די אלע וואכלײַט אינ שווארצ-
צע אוניפאָרמענ אונ די עסעסישע אונטעראָפיצערנ האָבנ
דערמאָנט אָנ פי-אָנטרײַבער בא א שעכטהויז. פאר זיי
זײַנענ די אָנגעקומענע ניט געווענ קיינ לעבעדיקע
מענטשנ, אונ זיי האָבנ ניט ווילנדיק געשמייכלט, צוזע-
ענדיק, ווי די פארורטײלטע ווײַזנ נאָכ ארויס שעמעוו-
דיקײַט, ליבע, שרעק, זאָרג וועגנ זייערע נאָענטע, וועגנ
די זאכנ. זיי איז געווענ קאָמיש, וואָס די מוטערס ריידנ
אויס די קינדער, אלעמײַ זיי זײַנענ אָפּגעלאָפנ א פאר
טריט אָנ א זײַט, פאריכטנ אפ זיי די קליידער; וואָס
די מענער ווישנ די שטערנס מיט נאָז-טיכלעכ אונ פא-
רייכערנ סיגארעטנ; וואָס די מיידלעכ פאריכטנ די האָר
אונ האלטנ דערשראָקנ צו די קליידלעכ, ווענ עס טוט
א בלאָז א ווינט. בא זיי האָט ארויסגערופנ א שמייכל,
וואָס די אלטע לײַט זעצנ זיכ אלעמאָל צו אפ די טשע-
מאָדאנטשיקעס; וואָס אייניקע האלטנ אונטערנ אָרעמ בי-
כער אונ וואָס די קראנקע פארוויקלענ די העלדזער.

באַ 20 טויזנט מענטשנ זײַנענ יעדנ טאָג דורכגעגאנגענ דורכ טרעבלינקע. טעג, ווענ פונ וואָקזאל פלעגנ ארויסגײנ 6—7 טויזנט מאנ, האָבנ די דײַטשנ גערעכנט פאר „פוסטע" טעג. פיר, פינפ מאָל א טאָג האָט זיכ דער פלאצ אָנגעפילט מיט מענטשנ. אונ אָט די אלע טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, הונדערטער טויזנטער מיט פרעגנדיקע, דערשראָקענע אויגנ, אָט די אלע יונגע אונ אלטע פּענעמער, שווארצהאָריקע אונ בלאָנדהאָריקע שײנהײַטנ, הויקערס, זקײנימ מיט פליכעוואטע קעפּ, אָפּהענטיקע יוגנט, — דאָס אלצ האָט זיכ צונויפגעגאָסנ אינ אײנ שטראָמ, וואָס האָט אײַנגעשלונגענ אלצ — אי סייכל, אי מיידלשע ליבע, אי קינדערשנ כידעש, אי זקײנישנ הוסט, אי אויצרעס פונ וויסנ, אי מענטשלעכ הארצ.

אונ די נײַ-אָנגעקומענע האָבנ מיט א ציטער געפילט אפּ זיכ אָט דעמ מאָדנעמ זאטנ, צוריקגעהאלטענעמ, כוי-ועקדיקנ בליק — דעמ בליק, מיט וועלכנ א לעבעדיקער כאזער מוז קוקנ אפ א טויטנ מענטשנ.

אונ ווידעראמאָל האָבנ די מענטשנ, וואָס זײַנענ אָקאָרשט ארויס אפנ פלאצ, אינ די דאָזיקע קורצע רעגעס געכאפּט מיטנ אויג קלײניקײַטנ, אומפארשטענדלעכע אונ אײמעדיקע.

וואָס טוט זיכ עס דאָרטנ, הינטער אָט דער קאָלאָסאלער זעקסמעטערדיקער וואנט, וואָס איז פעסט פארהאנגענ מיט געל-ווערנדיקע סאָסנע-צווײַגנ אונ קאָלדרעס?



די קאָלדרעס האָבנ אויכ ארויסגערופנ אומרו: וואטענע, פארשיידנקאָליריקע, זײַדענע אונ געדעקטע מיט ציצ, האָבנ זיי דערמאָנט אָנ די קאָלדרעס, וואָס זײַנענ געלעגנ צווישנ דעמ בעטגעוואנט פונ די אָנגעקומענע. ווי קומענ זיי אהער? ווער האָט זיי געבראכט? אונ ווו זײַנענ די באלעבאטימ פונ אָט די קאָלדרעס? פארוואָס דארפנ זיי מער ניט קײנ קאָלדרעס? אונ ווער זײַנענ די מענטשנ מיט די בלויע בענדלעכ? מע דערמאָנט זיכ אָנ די אלע מאכשאָווועס, וואָס האָבנ געמאטערט די לעצטע צײַט, אָנ דעמ אומרו, אָנ די קלאנגענ, וואָס מע האָט איבערגעגעבנ אײנער דעמ אנדערנ אפנ אויער. ניינ, ניינ, עס קאָנ ניט זײַנ. אונ דער מענטש טרײַבט אָפּ דעמ שרעקלעכנ געדאנק. די אומרויִקײַט אפנ פלאצ דויערט ניט לאנג, ביז אלע אָנגעקומענע באווײַזנ ארויסצוגײנ אפנ פלאצ. דאָס פארציט זיכ געוויינלעכ, ווײַל אינ יעדער פּארטיע זײַנענ פאראנ קאליקעס, הינקעדיקע, אלטע לײַט אונ קראנקע, וואָס שלעפּנ קוימ די פיס. נאָר אָט זײַנענ שוינ אלע אפנ פלאצ. דער אונטערשארפיורער (א ייִנגערער אונטעראָפיצער פונעמ עסעס-מיליטער) לייגט הויכ אונ דײַטלעכ פאָר די אָנגעקומענע איבערלאָזנ די זאכנ אפנ פלאצ אונ גײנ אינ באָד ארײַנ. בא זיכ קאָנ מענ איבערלאָזנ נאָר די פערזענלעכע דאָקומענטנ, ווערטפולע כפײצימ אונ קלײנע פעקלעכ מיט וואש-מאכשירימ. בא די מענטשנ אנטשטײענ צענדליקער פראגנ —

צי דאַרף מען נעמען מיט זיך וועש, צי מען מעג אויפ־בינדן די פעק, צי וועלן זיך ניט איבערפלאָנטערן די זאַכן, וואָס בלייבן ליגן אויפן פּלאַץ, צי וועלן זיי ניט פאַרפאַלן ווערן. נאָר עפּעס א מאָדנע קראַפט צווינגט זיי שווייגנדיק, אָן קיינע פראַגן, ניט אומקוקנדיק זיך, אין איילעניש שפּאַנען צו דער זעקסמעטערדיקער דראָט־וואַנט, וואָס איז באַדעקט מיט צווייגן. זיי גייען פאַרביי א הויכער פאַרצאַמונג פון שטעכיקן דראָט, פאַרביי א דריי־מעטערדיקן קעגנטאַנק־רוו, פאַרביי אָנגעוואָרפענע קנוילן דינעם שטאָלענעם דראָט, אין וועלכן די פיס פון א לויפנדיקן בלייבן שטעקן ווי די לאַפּקעס פון א פליג אין שפּינוועבס, און ווידער פאַרביי א פילמעטערדיקער וואַנט שטעכיקן דראָט. און א שרעקלעך געפיל — א געפיל פון פאַרווארטלטקייט, א געפיל פון הילפלאָזיקייט נעמט זיי אַרום: ניט לויפן, ניט אומקערן זיך צוריק, ניט שלאָגן זיך, — פון הילצערנע נידעריקע טורעמס קוקן אויף זיי די דערן פון גרויסקאַליבערדיקע קוילנוואַרפערס. רופן צו הילף? אַרום זיינען דאָך אָבער עסעסאָווצעס און וואַכלייט מיט אווטאָמאַטן, האַנט־גראַנאַטעס, פּיסטאָלעטן. זיי זיינען די מאַכט. אין זייערע הענט זיינען טאַנקען און אוויאַציע, ערד, שטעט, הימל, אייזנבאַנען, געזעץ, ראַדיאָ.

און אויפן פּלאַץ לעבן וואָקזאַל קומט דערווייל פאָר אָט וואָס: צוויי מייעס אַרבעטער מיט הימל־בלויע בענד־





ד׳ פאַרצאַמונג אַרום דעם טרעבלינקער לאַגער. בילד 2.

לעכ (די גרופע „בלויע“) ביגדנ שוויַגנדיק, פליגק אונ
גנֹיט פאנאנדער די פעק, עפענענ די קערב אונ טשע-
מאָדאנעס, נעמענ אראָפ די רימענס פונ די פאָרטפעלנ.
מע סאָרטירט אונ מע שאצט אָפ די זאכנ פונ דער נאָר-
וואָס אָנגעקומענער פארטיע. עס פליִענ אפ דער ערד צי-
רעוואָניע-געציַיג, שפולקעס אונ קערטלעכ פאָדעמ, קינ-
דער-טרוסיקעס, העמדער, לייַלעכער, דושעמפערס, מע-
סערלעכ, גאָל-מאכשירימ, פעקלעכ בריוו, פאָטאָגראפיעס,
פינגערהוטנ, פלאקאָנעס פארפומ, שפיגלענ, שלאָפמיצנ,
טופל, פושטנ, וואטענע קאָלדרעס, דאמענ-שיכלעכ, זאָקנ,
האפט, פיזשאמעס, פעקלעכ פוטער, קאווע, קעסטלעכ קא-
קאָא, טאלייסימ, לייַכטערס, ביכער, סוכארעס, פידלענ,
שפילצייַג. ס'איז א גרויסע קוואליפיקאציע צו קענענ אינ
איינע עטלעכע מינוט פאנאנדערסאָרטירנ אָט די אלע
טויזנטער זאכנ, אָפשאצנ זיי — א טייל אָפקלייַבנ פאר
דייַטשלאנד, א צווייטנ טייל — ערגערע, אלטע אונ גע-
צירעוועטע — איבערלאָזנ אפ צו פארברענענ. וויי איז גע-
ווענ צו דעמ ארבעטער, וואָס האָט א טאָעס געהאט אונ
האָט אנ אלטנ פיבערנעמ טשעמאָדאנ אוועקגעלייגט אינ
דער קופע לעדערנע סאקוואָיאזשנ, אָפגעקליבענע פאר
דייַטשלאנד, אָדער וואָס האָט איגעמ בערגל אלטע געצי-
רעוועטע שקארפעטקעס א וואָרפ געטאָנ א פאָר פארי-
זשער זאָקנ מיט א פאבריק-פלאָמבע. אנ ארבעטער האָט
געקאָנט א טאָעס האָבנ נאָר איינ מאָל — דאָס צווייטע



מאָל א טאָעס האָבנ האָט ער שוינ פארשפאָרט. פערציק
עסעסאָווצעס אונ זעכציק וואכלייַט האָבנ געארבעט אפנ
„טראנספאָרט“ — אזוי האָט געהייסנ אינ טרעבלינקע די
ערשטע, נאָרוואָס באשריבענע סטאדיע: דאָס אופנעמענ
די עשעלאָנענ, דאָס ארויספירנ די פארטיע אפנ „וואָק-
זאל“ אונ אפנ פלאצ, דאָס אכטונג געבנ אפ די ארבע-
טער, וואָס האָבנ סאָרטירט אונ אָפגעשאצט די זאכנ. בייס
דער ארבעט האָבנ די ארבעטער אמאָל, בישטיקע פונ דער
וואכ, אריינגערוקט אינ מויל א שטיקל ברויט, א ציגע-
לע צוקער, א קאָנפעט, וואָס זיי האָבנ געפונענ אינ די
פראָדוקטנ-פעקלעכ. דאָס איז ניט געווענ דערלויבט. עס
איז יאָ דערלויבט געווענ נאָכנ ענדיקנ די ארבעט וואשנ
די הענט אונ דאָס פאָנעמ מיט אָדעקאָלאָנ אונ פארפומ.
קיינ וואסער האָט אינ טרעבלינקע ניט געקלעקט, מיט
וואסער צומ וואשנ זיכ האָבנ זיכ באנוצט בלויז די דייַטשנ
אונ די וואכלייַט. אונ ביז די מענטשנ, דערווייַל נאָכ
לעבעדיקע, האָבנ זיכ געגרייט צו דער באָד, איז שוינ
די ארבעט איבער זייערע זאכנ באלד געווענ פארענדיקט.
די ווערטפולע זאכנ האָט מענ אוועקגעטראָגנ אינ סקלאד,
אונ די בריוו, פאָטאָגראפיעס פונ קינדער, ברידער, קא-
לעס, געל-געוואָרענע כאסענע-דאָקומענטנ — אָט די אלע
טויזנטער קלייניקייַטנ, וואָס זייַנענ אזוי טייַער זייערע
באלעבאטימ אונ וואָס האָבנ פאר די טרעבלינקער באלע-
באטימ פאָרגעשטעלט מיט זיכ ניט מער ווי א בארג מיסט,

האָט מענ אופגעקליבנ אינ קופּעס אונ אוועקגעטראָגנ צו קאָלאָסאַלע גריבער, ווו עס זײַנענ שוינ געלעגנ הונדערטער טויזנטער אזוינע בריוו, פּאָסט-קאַרטלעכ, וויזיט-קאַרטלעכ, פאָטאָגראַפיעס, פּאַפּירלעכ מיט קינדערשע שרײַבערײַענ אונ ערשטע צייכענונגענ מיט קאָלירטע בלײַערס. דעמ פּלאַצ האָט מענ אבי-ווי צוגעקערט, אונ ער איז שוינ ווײַטער גרייט געווענ צומ אופנעמענ א נײַע פּאַרטיע פאַרורטיילטע. ניט אלעמאָל איז דאָס אופנעמענ פונ א פּאַרטיע פאָרגעקומענ אזוי, ווי דאָ איז באשריבנ. אינ די פאַלנ, ווענ די פאַרורטיילטע האָבנ געוווּסט, וווּהינ מע פירט זיי, פלעגנ אויסברעכנ בונטנ. דער פויער סקרישעמינסקי האָט געזענ, ווי פונ צוויי צוגנ האָבנ מענטשנ אויסגעבראָכנ די טירנ, אומגעוואָרפנ די וואַכ אונ זיכ א לאָז געטאָנ אינ וואַלד. אינ ביידע פאַלנ זײַנענ זיי אלע ביז איינעמ דערהארגעט געוואָרנ פונ אווטאָמאַטנ. די מאַנצבלענ האָבנ געטראָגנ מיט זיכ פיר קינדער אינ עלטער פונ 4 — 6 יאָר. די דאָזיקע קינדער זײַנענ אויכ דערהארגעט געוואָרנ. וועגנ אזוינע פאַלנ דערציילט אויכ די פויערטע מאַריאַנע קאָבוס. איינמאָל, ווענ זי האָט געאַרבעט אינ פעלד, זײַנענ פאַר איר אינ די אויגנ דערהארגעט געוואָרנ 60 מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ דורכגעריסנ פונ א צוג אינ וואַלד.

נאָר אָט גייט די פּאַרטיע אריבער אפ א נײַעמ פּלאַצ, הינטער דער צווייטער לאגער-צאַמ. אפנ פּלאַצ שטייט א קאָלאָסאַלער באַראַק, רעכטס נאָכ דרײַ באַראַקנ, בײַ זיי זײַנענ סקלאַדנ פונ זאַכנ, דער דריטער — א סקלאַד פונ שוכוואַרג. ווײַטער, אינ מײַרעוו-טייל, געפינענ זיכ די באַראַקנ פונ די עסעסאָווצעס, פונ די וואַכלײַט, די דערנערונגס-סקלאַדנ, דער פי-הויפ, עס שטייענ פּאַסאַזשיר-אווטאָמאָבילנ, לאַסט-מאַשינעס, פּאַנצער-מאַשינעס. אלצ מאַכט אַנ אײַנדרוק פונ א געוויינלעכנ לאַגער, אזא, ווי דער לאַגער נומ. 1.

אינעמ דאָרעמ-מיזרעכדיקנ ווינקל פונעמ לאַגער-הויפ איז א שטיקל אָרט אָפּגעטיילט מיט צווײַגנ, פונ פאָרנט — א בײַדל מיט אַנ אופשריפט „לאַזאַרעט". אלע אלטע, שווער קראַנקע טיילט מענ אָפּ פונעמ אוילעמ, וואָס וואַרט אפ דער באָד, אונ מע טראָגט אפ טראָגבעטלעכ אינ לאַזאַרעט. פונעמ בײַדל גייט צו די קראַנקע ארויס א דאָקטער אינ א ווײַסנ פאַרטעכ מיט א בענדל פונ רויטנ קרייצ אפנ לינקנ אַרבל. וועגנ דעמ, וואָס עס קומט פאָר אינ „לאַזאַרעט", וועלנ מיר דערציילנ שפּעטער.

פאַר דער צווייטער פאַזע פונ באַאַרבעטנ די אָנגעקומענע פּאַרטיע איז כאַראַקטעריסטיש דאָס דערשטיקנ אינ די מענטשנ די ווילנס-קראַפט דורכ קעסיידערדיקע קורצע אונ שנעלע באַפעלנ. די דאָזיקע באַפעלנ, ארויסגעזאָגט מיט דעמ טאָנ, מיט וועלכנ עס שטאָלצירט אזוי די דײַטשישע ארמיי, שנײַדנ די לופט, ווי בײַטשנ.

„אכטונג!“ — צעטראָגט זיך איבערן אוילעם, און אין
דער בלייַענער שטילקייַט קלינגט די שטים פונעם שאַר־
פיורער, וואָס רופט נאָכאַמאָל אויס די ווערטער, וועלכע
ער כאַזערט איבער יעדן טאָג שוין אַזויפיל כאַדאָשים
נאָכאַנאַנד:

— מענער בלייַבן אַפן אָרט, פרויען און קינדער טוען
זיך אויס אין די באַראַקן לינקס.

דאָ, דערצײלן אײדעס, הײבן זיך געװײנלעך אָן
שרעקלעכע סצענעס. דאָס גרויסע געפיל פון מוטער־ליבע,
פון פרויען־ און־מענער־ליבע, פון קינדער־ליבע זאָגט און־
טער די מענטשן, אַז דאָס לעצטע מאָל זעען זיי אײנער
דעם צווייטן. מע דריקט אײנע די אַנדערע די הענט, מע
קושט זיך, עס גיסן זיך טרערן, עס הערן זיך קורצע,
אָפּגעהאַקטע ווערטער, אין וועלכע מענטשן לייגן אַרייַן
זייער גאַנצע ליבע, דעם גאַנצן ווייטעק און צאַרטקייַט,
די גאַנצע פאַרצווייפלטקייַט זייערע... די עסעסישע טויט־
פּסיכיאַטערן ווייסן, אַז די דאָזיקע געפילן דאַרף מען מאָמענ־
טאַל פּאַרלעשן, אָפּהאַקן. די טויט־פּסיכיאַטערן ווייסן די
פּאַשעטע געזעצן, וואָס גילטן אין אַלע שעכטהייַזער
פון דער וועלט, די געזעצן, וואָס אין טרעבלינקע האָבן
זיי כייַעס אָנגעווענדט צו מענטשן. דאָס איז אײנער פון די
פאַראַנטוואָרטלעכסטע מאָמענטן: מע טיילט אָפּ טעכטער פון
פאָטערס, זין פון מוטערס, באָבעס פון אייניקלעך, מע־
נער פון פרויען.



און ווידער קלינגט איבערן פלאַץ: „אכטונג“, „אכ־
טונג“. גראָד אין דעם מאָמענט דאַרף מען ווידער צע־
טומלען די מענטשן, פאַרשיקערן זיי מיט האָפענונג, מיט
די קלאָלים פון טויט, וואָס מע שטעלט זיי אַרויס פאַר
קלאָלים פון לעבן. די זעלבע שטים האַקט אַ וואָרט נאָך
אַ וואָרט:

— די פרויען און די קינדער נעמען אַראָפּ דאָס שוכ־
װאַרג באַם אַרייַנגאַנג אין באַראַק. די זאָקן אַרייַנלייגן
אין די שיך. די קינדערשע זעקלעך דאַרפן אַרייַנגעלייגט
ווערן אין די סאַנדאַלן, שיכלעך און טופּעלעך פון די
קינדער. זייַט אַקוראַט.

און אין אַ רעגע אַרום ווידער:

— גייענדיק אין באָד, מיטנעמען מיט זיך די ווערט־
פולע כפייצים, די דאָקומענטן, אַ האַנטעך און זייף...
מיר כאַזערן איבער...

אינווייניק אין באַראַק געפינט זיך אַ שערערייַ. די
נאַקעטע פרויען שערט מען אָפּ ביז דער הויט, פון די אַלטע
פרויען נעמט מען אַראָפּ די פּאַרוקן. אַ מאָדנע פּסיכאָ־
לאָגישע דערשייַנונג! די דאָזיקע טויט־פּראָצעדור האָט,
לויט די גוויִעס־אייִדעס פון די שערער, מער פון אַלץ
איבערצייַגט די פרויען, אַז מע פירט זיי טאַקע אין באָד.
מיידלעך פלעגן טיילמאָל בעטן: „אָט דאָ איז ניט גלייַך,
שערט, ביטע, אונטער!“ געוויינלעך פלעגן זיך די פרויען
נאָכן אָפּשערן באַרויִקן. קימאַט יעדע פלעגט אַרויסגיין

פון באַראַק מיט א שטיקל זייף און האַנטעך. אייניקע יונגע האָבן געוויינט אַף זייערע שיינע צעפּ. צוליב וואָס האָט מען געשוירן די פרויען? קעדיי אָפּצונאַרן זיי? ניין, די דאָזיקע האָר האָט געדאַרפט האָבן דייטשלאַנד. דאָס איז געווען רויוואַרג... איך האָב בא פיל מענטשן גע־פרעגט, וואָס האָבן די דייטשן געטאָן מיט אָט די בערג האָר, אַראָפּגענומענע פון די לעבעדיקע מייסים. אַלע איידעס דערציילן, אַז די קאָלאָסאַלע בערג שוואַרצע, גאָלדענע, בלאָנדע האָר, לאָקן און צעפּ האָט מען דעזינפיצירט, געפּאַקט אין זעק און טראַנספּאָרטירט קיין דייטשלאַנד. אַלע איידעס באַשטעטיקן, אַז די האָר זיינען געשיקט געוואָרן אַף דייטשישע אַדרעסן. ווי זיינען זיי אויסגענוצט געוואָרן? אַף דער דאָזיקער פראַגע האָט קיינער ניט געקאָנט ענטפערן. בלויז אינעם פאַבריקמאַכער קאָנס שריפטלעכע באַווייזן ווערט אָנגעוויזן, אַז דער געברויכער פון אָט די האָר איז געווען דער מיליטערישער יאַם-אַמט. די האָר האָט מען אויסגענוצט אַף אָנפילן מאַטראַצן, אַף טעכנישע באַדערפענישן, אַף פלעכטן קאַנאַטן פאַר טונק-שיפן.

מיר דאַכט, אַז די דאָזיקע באַווייזן נייטיקן זיך אין א באַשטעטיקונג. אָט די באַשטעטיקונג וועט געבן דער מענטשהייט דער גראַף-אַדמיראַל רעדער, וואָס איז אין 1942 געשטאַנען בעראָש פון דעם דייטשישן קריגס-פלאָט.

די מענער פלעגן זיך אויסטאָן אין הויף. פון דער



ערשטער אינדערפרי פלעגט מען אָפּקלייבן א צוויי—דריי הונדערט מענטשן מיט א גרעסערער פיזישער קראַפט אַף צו באַגראָבן די טויטע. די דאָזיקע באַגראָבער פלעגט מען געוויינלעך דערהאַרגענען אַף מאָרגן. אויסטאָן זיך האָבן די מענער געדאַרפט זייער שנעל, נאָר אַקוראַט, צונויפלייגנדיק אין אָרדענונג די שיך, שקאַרפעטקעס, וועש, רעקלעך און הויזן. מיט סאָרטירן די זאַכן האָט זיך פאַרנומען א צווייטע אַרבעטער-קאָמאַנדע — די „רויטע“ — זיי האָבן זיך אונטערשיידט פון די, וואָס האָבן געאַרבעט „אָפּן טראַנספּאָרט“, מיט די רויטע בענדלעך אַף די אַרבל. די זאַכן, וואָס מע האָט אָנערקענט פאַר גענוגנד גוט אַף אַוועקצושיקן קיין דייטשלאַנד, זיינען גלייך איבערגעגעבן געוואָרן אין סקלאַד. פון זיי האָט מען זאָרגזאַם אַראָפּגעטרענט אַלע מעטאַל- און שטאָפצייכנס. די איבעריקע זאַכן זיינען פאַרברענט און פאַרגראָבן געוואָרן אין גריבער.

בא די פאַראורטיילטע איז דאָס געפיל פון אומרויקייט די גאַנצע צייט געוואַקסן. עס האָט באַאומרויקט דער שווידערלעכער איפּעש, וואָס איז יעדע רגע איבערגעשלאָגן געוואָרן מיטן ריח פון כלאָר-קאַלך. עס איז געווען אומפאַרשטענדלעך, פונוואַנען נעמען זיך אַזוי פיל פעטע, איינגעגעסענע פליגן. ווי קומען זיי אַהער, צווישן סאָסנעס און פאַרטאָפּטשעטער ערד? די מענטשן האָבן געאָטעמט אומרויק און רוישיק, יעדע רגע אויפגעציטערט,

זיכ אײַנגעקוקט אינ דער מינדסטער קלײניקײַט: עפשער
וועט זי דערקלערנ, אונטערזאָגנ, אופדעקנ די געהיימניש,
וואָס הילט אײַנ זייער גורל. אונ פארוואָס דונערנ אזוי
דאָרט, אינ דאָרעמ, גיגאנטישע עקסקאוואטאָרנ?

עס האָט זיכ אָנגעהויבנ א נײַע פּראָצעדור.

די נאקעטע מענטשנ האָט מענ צוגעפירט צו א קא-
סע אונ פאָרגעלייגט איבערלאָזנ די דאָקומענטנ אונ די
ווערטפולע כפייצים. אונ ווידער האָט די שרעקלעכע היפּ-
נאָטיזירנדיקע שטימ געשריִענ:

— אכטונג! אכטונג!... פאר אויסבאהאלטנ ווערטפולע
כפייצים — טויט. אכטונג!

אינ א קלײנ בײַדל פונ ברעטער איז געזעסנ א שאר-
פירער. לעבנ אימ זײַנענ געשטאנענ עסעסאָווצעס אונ
וואכלײַט. לעבנ דעמ בײַדל — הילצערנע קעסטלעכ. איינס —
פאר אסיגנאציעס, דאָס צווייטע — פאר מאטבייעס, דאָס
דריטע — פאר זייגערס אונ צירונג. דאָקומענטנ זײַנענ
גלאט געפלויגנ אפ דער ערד. קיינער אינ דער וועלט
האָט זיי שוינ מער ניט באדארפט, דאָקומענטנ פונ לע-
בעדיקע מייסימ, וועלכע וועלנ אינ א שאָ ארומ שוינ
ליגנ אײַנגעפּרעסט אינ א גרוב. דאָס גאָלד אָבער אונ
די ווערטפולע כפייצים — די זייגערס, רינגענ, אוירינגלעכ,
בראָשנ אונ בראסלעטנ — האָט מענ אופמערקזאמ סאָר-
טירט, צענדליקער יוועלירנ האָבנ אָפגעשאצט די ריינקײַט
פונעמ מעטאל, דעמ ווערט פונ די שטיינער.



וואָס פארא גרויסע, ליכטיקע קעפ, וואָס פארא
ריינע נעשאָמעס, וואָס פארא ליבע קינדערשע אויגנ,
טײַערע מאמישע פּענעמער, וויפל שיינע שטאָלצע מיידל-
שע קעפ, וואָס איבערנ שאפנ זיי האָט די נאטור געאר-
בעט אזויפיל דורעס, — זײַנענ ווי א ריזיקער שווײַגנדי-
קער שטראָמ ארײַנגעפלאָסנ אינ טהאָמ פונ ניטזײַנ. א
סעקונדע איז געווענ גענוג, קעדיי צו פארניכטנ דאָס,
וואָס די וועלט אונ די נאטור האָבנ אופגעטאָנ אינ פּראָ-
צעס פונ קאָלאָסאלער אונ פײַנלעכער לעבנ-שאפונג.

דאָ לעבנ קאסע פלעגט פאָרקומענ דער איבערבראָכ.
דאָ פלעגט זיכ ענדיקנ דאָס פײַניקנ מיט ליגנ, וואָס האָט
געהאלטנ די מענטשנ אינ היפּנאָז פונ ניט וויסנ, אינ א
מינ קאדאָכעס, וואָס האָט זיי אינ מעשעכ פונ עטלע-
כע מינוט געוואָרפנ פונ האָפענונג צו אנטוישונג, פונ דער
וויזיע פונ לעבנ צו דער זעונג פונ טויט. דאָס דאָזיקע
פײַניקנ מיט ליגנ איז געווענ איינער פונ די אטריבוטנ
פונ דער קאָנווייער-שכיטע. דאָס האָט געהאָלפנ די עס-
עסאָווצעס „ארבעטנ“. אונ ווענ עס פלעגט קומענ דער
לעצטער אקט פונ בארבעווענ די לעבעדיקע מייסימ,
פלעגנ די דײַטשנ שארפ ענדערנ דעמ סטיל פונ זייער
באציִונג צו זייערע קאָרבאָנעס. די רינגענ פלעגט מענ
אראָפרײַסנ, מע פלעגט בעשאס-מײַסע ברעכנ פינגער, די
אוירינגלעכ פלעגט מענ אראָפשלעפנ, אָפט פאנאנדעררײַסנ-
דיק די אויערנ-לעפלעכ.

אפנ לעצטנ עטאפ האָט די קאָנווייער-שכיטע געפּאָ-
דערט א נײַעמ פּרינציפּ, וואָס זאָל העלפנ איר שנעלער
פונקציאָנירונג, אונ דעריבער איז דאָס וואָרט „אכטונג״
פארביטנ געוואָרנ מיטנ צישענדיקנ „שנעלער, שנעלער,
שנעלער״!

פונ דער ביטערער פּראקטיק פונ די לעצטע יאָרנ
איז באוווסט, אז א נאקעטער מענטש פארלירט גלײַכ די
ווידערשטאנד-פייִקײַט, הערט אופ צו קעמפנ קעגנ גוירל.
צוזאמענ מיט דער קליידונג פארלירט ער אויכ די קראפט
פונ לעבנס-אינסטינקט אונ נעמט אופ דעמ גוירל, ווי
דעמ פאטומ. אפילע די, וואָס קלעפּנ זיכ צומ לעבנ מיט
אלע קויכעס, ווערנ פאסיוו אונ גלײַכגילטיק. אָבער קעדיי
צו פארסטראכירנ זיכ, האָבנ די עסעסאָווצעס אפנ לעצטנ
עטאפ פונ זייער קאָנווייער-שכיטע נאָכ אויכ אָנגעווענדט
א מעטאָד פונ ווילדנ באטויבנ, אונ ארײַנוואָרפנ דעמ
מענטשנ אינ א צושטאנד פונ פּסיכישנ, גײַסטיקנ שאָק.

וויאזוי פלעגט עס געטאָנ ווערנ?

מיט דער הילפ פונ אומגעריכטער אונ אומזיניקער
אכזאָריעס. די נאקעטע מענטשנ, בא וועלכע מע האָט
צוגענומענ אלצ, נאָר וועלכע זײַנענ נאָכ אלצ געווענ טויזנ-
טער מאָל מער מענטשנ, ווי די פארזעענישנ אינ די אוני-
פאָרמענ פונ דער דײַטשישער ארמיי, וואָס האָבנ זיי ארומ-
גערינגלט, אָט די נאקעטע מענטשנ האָבנ נאָכ אלצ געאָטעמט,
געקוקט, געדענקט, זייערע הערצער האָבנ נאָכ געקלאפּט.



האָט מענ בא זיי פונ די הענט ארויסגעהאקט די שטיק-
לעכ זייפ אונ די האנטעכער. מע האָט זיי אויסגעשטעלט
אינ רייענ, צו פינפ מענטשנ אינ א ריי.

— הענדע האָכ! מארש! שנעלער! שנעלער!

זיי זײַנענ ארײַנ אינ א גלײַכער אלייע, ארומגעזעצט
מיט בלומענ אונ יאָדלעס, הונדערט צוואנציק מעטער די
לענג, צוויי מעטער די ברייט. זי האָט געפירט צומ אָרט
פונ דער שכיטע. פונ ביידע זײַטנ אלייע איז געווענ
דורכגעצויגנ דראָט, אקסל צו אקסל זײַנענ געשטאנענ
וואכלײַט אינ שווארצע אוניפאָרמענ אונ עסעסאָווצעס אינ
גרויענ. דער וועג איז געווענ באדעקט מיט ווײַסנ זאמד,
אונ די, וואָס זײַנענ געגאנגענ פונ פאָרנט מיט אופגע-
הויבענע הענט, האָבנ געזענ אפנ זאמד פרישע שפורנ
פונ באָרוועסע פיס: קליינע — ווײַבערשע; גאָר קליינינקע—
קינדערשע; שפורנ פונ שווערע זקײַנישע טריט. דער
דאָזיקער לײַכטער שפור אפנ זאמד — אָט דאָס איז גע-
בליבנ פונ טויזנטער מענטשנ, וואָס זײַנענ דאָ ניט לאנג
דורכגעגאנגענ מיט אָט דעמ וועג, דורכגעגאנגענ פונקט
אזוי, ווי עס גייענ איצט אימ דורכ נײַע פיר טויזנט,
ווי עס וועלנ אינ צוויי שאָ ארומ נאָכ אָט די פיר טויזנט
דורכגיינ נאָכ טויזנטער, וואָס ווארטנ אפ זייער ריי אפ
דער אײַזנבאנ-קאָלייע אינ וואלד, זײַנענ דורכגעגאנגענ
פונקט אזוי, ווי מע איז געגאנגענ נעכטנ אונ צענ טעג
צוריק, ווי מע וועט גיינ מאָרגנ אונ אינ פופציק טעג

ארום, ווי עס זײַנען געגאַנגען מענטשן אַלע דרײַצן כאַ-
דאָשים, וואָס עס האָט עקזיסטירט דער טרעבלינקער
גענעם.

די דאָזיקע אַלייע האָבן די דײַטשן אָנגערופן „דער
וועג אָן א צוריק".

א מיִעסער נעפעש — ער הייסט סוכאָמיל — האָט מיט
ווילדע האווײַעס געשריִען, בעקיוון פאַרקריפּלענדיק די
דײַטשישע ווערטער:

— קינדער, קינדער, שנעלער, שנעלער, דאָס וואַסער
אין באָד ווערט קאַלט. שנעלער, קינדער, שנעלער! —
און האָט געלאַכט, געדרייט זיך, געטאַנצט.

די מענטשן מיט די אויפגעהויבענע הענט זײַנען גע-
גאַנגען שווײַגנדיק צווישן צוויי שערענגעס וואַכלײַט,
זײַנען געגאַנגען אונטער די קלעפּ פון קאָלבעס און גו-
מענע שטעקנס. די קינדער זײַנען געלאָפן, קוים נאָכ-
האַלטנדיק די דערוואַקסענע. אין דעם דאָזיקן לעצטן
פײַנלעכן גאַנג, האָבן אַלע אײדעס אָנגעוויזן, פלעגט באַ-
זונדערס ווילדעווען דער עסעסאָוועץ צעפּפּ. ער האָט זיך
ספּעציאַליזירט אַף האַרגענען קינדער. פאַרמאָגנדיק א קאָ-
לאָסאַלע קראַפט, פלעגט די דאָזיקע באַשעפעניש אַרויס-
כאַפּן פון האַמוין א קינד און פלעגט עס אָדער א זעץ
טאָן מיט קעפּל אין דער ערד אָדער צערײַסן אַפּצווייען.
ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט דערציילן
וועגן דער דאָזיקער באַשעפעניש, האָט זיך מיר געדוכט,



אַז דאָס איז גאָר אוממעגלעך, אומגלייבלעך. ווען איך האָב
אָבער פערזענלעך פון דירעקטע אײדעס דערהערט נאָכ-
אַמאָל און ווידעראַמאָל דערציילן אַלץ דאָס אייגענע, ווען
איך האָב דערזען, אַז זיי דערציילן וועגן דעם, ווי וועגן
א דעטאַל, וואָס טיילט זיך ניט אויס און ווידערשפּרעכט
ניט דער אַלגעמיינער אָרדענונג אינעם טרעבלינקער גע-
נעם, האָב איך אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז יאָ, ס'איז מעג-
לעך, אַזא באַשעפעניש זאָל עקזיסטירן.

צעפּפּס אויפטוען זײַנען געווען נייטיק, זיי האָבן
גראָד מיטגעהאָלפן דעם פּסיכישן שאָק פון די פאַרור-
טיילטע, זיי זײַנען טאַקע געווען דער אויסדרוק פון דער
אַכזאָריעס, וואָס האָט דערשטיקט דעם ווילן און דעם
באַוווסטזײַן. צעפּפּ איז געווען א נייטיק שרײַפל אין
דער קאָלאָסאַלער מאַשין פון דער פאַשיסטישער מעלוכע.

דער וועג פון דער „קאַסע" ביזן אָרט פון דערמאָר-
דונג האָט געדויערט 6—7 מינוט. אונטערגעיאָגט פון קלעפּ,
באַטויבט דורך געשרייען, זײַנען די מענטשן אַרויס אַף
א דריטן פּלאַץ און האָבן זיך, געפּלעפּטע, אַפּ איין
אויגנבליק אָפּגעשטעלט.

פאַר זייערע אויגן איז געשטאַנען א שיינער מויער,
א באַפּוצטער מיט האָלץ, אין סטיל פון אַן אַלטן טעמפּל.
פינף ברייטע בעטאָנירטע טרעפּ האָבן געפירט צו נידע-
ריקע, נאָר זייער ברייטע, מאַסיווע, שיין געשניצטע טירן.
באַם אַרײַנגאַנג זײַנען געוואַקסן בלומען, עס זײַנען גע-

שטאַנענ וואזאָנעס. ארומ אונ ארומ האָט אָבער געהערשט א כאַאָס — אומעטומ האָבנ זיכ געזוענ בערג פריש אופגעגראָבענע ערד, א קאָלאָסאלער עקסקאוואטאָר האָט, סקריפענדיק מיט זײַנע קאָלאָסאלע קינבאקנ, ארויסגעוואָרפנ טאָנעס געלנ זאמדיקנ באָדנ, אונ דער שטויב, וואָס ער האָט אָנגעמאכט, איז געהאנגענ צווישנ ערד אונ הימל. דער דונער פונ דער גיגאנטישער מאשינ, וואָס האָט פונ פרי ביז נאכט געגראָבנ קאָלאָסאלע רויענ — קוואָרימ, האָט זיכ צונויפגעמישט מיט דער ווילדער בילערײַ פונ צענדליקער דײַטשישע וואכ-הינט.

פונ ביידע זײַטנ פונ דער טויט־געבײַדע זײַנענ דורכגעגאנגענ שמאָלקאָלייִקע אײַזנבאנ-ליניעס, איבער וועלכע מענטשנ אינ ברייטע קאָמבינעזאָנענ האָבנ צוגעפירט אוטאָמאטיש זיכ איבערקערנדיקע וואגאָנעטקעס.

די ברייטע טירנ פונ דער טויט-געבײַדע האָבנ זיכ לאנגזאמ אופגעעפנט, אונ צוויי געהילפנ פונ שמידטנ, דעמ שעפ פונ קאָמבינאט, האָבנ זיכ באוויזנ באמ ארײַנגאנג. דאָס זײַנענ געווענ סאדיסטנ אונ מאניאקנ. איינער — א הויכער, פונ א יאָר דרײַסיק, מיט מאסיווע אקסלענ, מיט א טונקל, לאכנדיק, פריידיק אופגערעגט פאָנעמ אונ שווארצע האָר, דער צווייטער — א ייִנגערער, ניט קיינ הויכער, א שאטענ, מיט בלייכלעכ-געלע באקנ, פונקט ווי נאָכ אײַנעמענ א גרויסע דאָזע אקריכינ. די נעמענ אונ פאמיליעס זייערע זײַנענ באוווסט.



דער הויכער האָט געהאלטנ אינ האנט א מאסיווע גאז-טרויב א מעטער די לענג אונ א נאהײַקע, דער צווייטער איז געווענ באוואָפנט מיט א שווערד.

אינ דעמ מאָמענט האָבנ די עסעסאָווצעס אָפגעלאָזנ די טרענירטע הינט, די האָבנ זיכ געוואָרפנ אינ דער מאסע אונ האָבנ געריסנ מיט די ציינ די נאקעטע קערפערס פונ די פארורטיילטע. די עסעסאָווצעס האָבנ מיט ווילדע געשרייענ געשלאָגנ מיט די קאָלבעס, אונטערגעיאָגט די ווי אינ הינערפלעט פארגליווערטע פרויענ.

איצווייניק אינ דער געבײַדע גופע האָבנ געבאלעבאטעוועט שמידטס געהילפנ, זיי האָבנ געטריבנ די מענטשנ אינ די אָפענע טירנ פונ די גאז-קאמערנ.

אינ דער מיטנ פלעגט זיכ לעבנ דער געבײַדע באווײַזנ איינער פונ די קאָמענדאנטנ פונ טרעבלינקע, קורט פראנצ, מיט זײַנ הונט בארי אפ א צײַמל. דער באלעבאָס זײַנער האָט אימ ספעציעל טרענירט צו ווארפנ זיכ אפ די פארורטיילטע, רײַסנ בא זיי די געשלעכט־אָרגאנענ.

קורט פראנצ האָט געמאכט אינ לאגער א גוטע קאריערע, ער האָט אָנגעהויבנ פונ א ייִנגערנ אונטעראָפיצער פונעמ עסעס-מיליטער אונ איז דערגאנגענ ביז א גאנצ הויכנ ראנג פונ אנ אונטערשטורמפירער. דער דאָזיקער פינפ-אונ-דרײַסיקיאָריקער הויכער אונ דארער עסעסאָוועצ האָט געהאט ניט נאָר אנ אָרגאניזאטאָרישנ טא-

לאַגט אין איינאָרדענען די קאָנווייער-שכיטע. ער איז ניט נאָר געווען שטאַרק פאַרקאָכט אין זיין אַרבעט און זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין לעבן אויסער טרעבלינקע, ווי אַלץ איז פאַרגעקומען אונטער זיין אומדערמידלעכער אויפזיכט, ער איז אין א געוויסער מאָס געווען א טעאָרעטיקער און האָט ליב געהאַט צו פאַראַלגעמיינערן און דערקלערן דעם זין און די באַדייטונג פון זיין אַרבעט.

און דאָך גרויס איז די קראַפט פון מענטשלעכקייט. דער מענטש, וועלכן עס האַרגעט די טריומפירנדיקע כייע, בלייבט דאָך מענטש. ביזן לעצטן אָטעם-צוג היט ער איין די קראַפט פון זיין נעשאָמע, די קלאָרקייט פון געדאַנק, דעם ברען פון ליבע. און די כייע, וואָס האַרגעט דעם מענטשן, בלייבט ניט מער ווי א כייע, און די צייט פון איר טריומף, ווי שרעקלעך זי זאָל ניט זיין, איז קורץ.

עס דערשיטערן ביז די טיפסטע טיפענישן פון דער נעשאָמע, עס רייסן אַוועק דעם שלאָף און די רו די דערציילונגען וועגן דעם, ווי די לעבעדיקע טרעבלינקער מייסים האָבן ביז דער לעצטער רעגע איינגעהיט ניט בלויז דאָס מענטשלעכע געשטאַלט, נאָר אויך די מענטשלעכע נעשאָמע. דערציילונגען וועגן פרויען, וואָס האָבן געפּרווט ראַטעווען זייערע זין און טעכטער, און זיינען געגאַנגען אַף גרויסע און האָפענונגסלאָזע העלדן-טאַטן; וועגן יונגע מוטערס, וואָס האָבן מיט זייערע קערפּערס זיך געמיט צו פאַרשטעלן זייערע קינדער. קיינער ווייסט



ניט און וועט שוין קיינמאָל ניט וויסן די נעמען פון אָט די מוטערס. מע האָט דערציילט וועגן א צעניאָריק מיידעלע, וואָס האָט מיט גוואַלדיקער כאָכמע געטרייסט אירע ווייַנענדיקע עלטערן; וועגן א ייִנגעלע, וואָס האָט באַם אַריינגאַנג אין דער „גאַזאָווניע" געשריִען: „די רוסישע וועלן נעקאָמע נעמען, מאַמע, וויין ניט!" קיינער ווייסט ניט און וועט שוין קיינמאָל ניט וויסן, ווי מע האָט גערופן אָט די קינדער. מע האָט אונדז דערציילט וועגן צענדליקער פאַרורטיילטע מענטשן, וואָס זיינען אַריינגעטראָטן אין קאַמף — איינע אַליין קעגן א קאָלאָסאַלער כאָפּטע עסעסאָווצעס, באַוואָפנטע מיט אַווטאָמאַטישן געווער און גראַנאַטעס — און זיינען אומגעקומען שטייענדיק, דורכגעשאָסענע פון צענדליקער קוילן. מע האָט אונדז דערציילט וועגן א יונגנמאַן, וואָס האָט אַריינגעשטאָכן א מעסער אין עסעסישן אָפיצער אין האַרצן אַריין; וועגן א יונגן באָכער, אַן אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ, וואָס האָט זיך געקליגט אויסצובאַהאַלטן פון די דייטשן א גראַנאַטע, און שוין זייענדיק נאַקעט, האָט ער זי א שלייַדער געטאָן אין א גרופּע הענקער. מע דערציילט וועגן א שלאַכט, וואָס האָט געדויערט א גאַנצע נאַכט, צווישן אַן אויפגעשטאַנענער פּאַרטיע פאַרורטיילטע און אָטריאַדן וואַכלייט און עסעס. ביז אינדערפרי האָבן זיך געהערט א שיסעריי און אויפרייסן פון גראַנאַטעס. ווען עס איז אויפגעגאַנגען די זון, האָט מען דערזען, אַז דער גאַנצער פּלאַץ איז

באדעקט מיט די קערפערס פון די טויטע קריגער, לעבן יעדן פון זיי איז געלעגן זיין געווער, — א שטעקן, ארויסגעריסן פון פארקאן, א מעסער, א גאָל-מעסער. מע דערציילט וועגן א מיידל א גוואר אפן „וועג אָן א צוריק", וואָס האָט ארויסגעריסן א קאראבין בא א וואכמאן פון די הענט און האָט זיך געשלאָגן קעגן א צענדליק עסעסאָווצעס. צוויי כּיִעס זיינען דערהארגעט געוואָרן ביים דעם קאמף, איינער האָט פארלאָרן א האנט. ער האָט זיך אומגעקערט קיין טרעבלינקע מיט איין האנט. שרעקלעך זיינען געווען די פּייניקונגען און דער טויט פונעם מיידל. דעם נאָמען אירן ווייסט קיינער ניט, און קיינער גיט איר ניט אָפּ קיין קאָוועד.

צי איז עס אָבער אזוי?

דער היטלעריזם האָט אָפּגענומען בא אָט די מענטשן זייער היים, זייער לעבן, ער האָט געוואָלט אויסמעקן זייערע נעמען און זייער געדעכעניש אינעם זיקאָרן פון דער וועלט. זיי אלע אָבער, סיי די מוטערס, וואָס האָבן מיט זייערע קערפּערס פארשטעלט זייערע קינדער, סיי די קינדער, וואָס האָבן אויסגעווישט די טרערן אפ די אויגן פון זייערע עלטערן, סיי די, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט מעסערס און האָבן געוואָרפן גראנאטעס, סיי די, וואָס זיינען געפאלן ביים דער נאכטיקער שלאכט, סיי דאָס נאקעטע מיידל, וואָס האָט ווי אן אלט-גריכישע געטין זיך געשלאָגן איינע קעגן צענדליקער, — זיי אלע, אָט די,



וואָס זיינען אוועק אינעם ניטזיין, האָבן אפ אייביק פארדינט דעם שענסטן נאָמען, וואָס אים האָט ניט געקאָנט ארייַנטאָפּטשען אין דער ערד די גאנצע היטלערישע באנדע, — דעם נאָמען מענטש. אפ זייער דענקמאָל וועט די געשיכטע אָנשרייבן: „דאָ רוען מענטשן".

די איינוווינער פונעם דאָרף וווּלקע, וואָס לעבן טרעבלינקע, דערציילן, אז טיילמאָל זיינען די געשרייען פון די אומקומענדיקע פרויען געווען אזוי שרעקלעך, אז דאָס גאנצע דאָרף פלעגט אנטלויפן אין א ווייטן וואלד, קעדיי ניט צו הערן דעם הימלשרייענדיקן געיאָמער. דערנאָך פלעגט דאָס געשריי פלוצעם איינגעשטילט ווערן און פלעגט ווידעראמאָל פּונקט אזוי פלוצעם געבוירן ווערן, א שרעקלעכס, א דורכדרינגלעכס, וואָס בויערט די ביינער, דעם שארבן, די נעשאָמע... אזוי האָט זיך איבערגעכאזערט צו דריי-פיר מאָל א טאָג.

איך האָב אויסגעפרעגט איינעם פון די געפאנגענע הענקער ש. וועגן די דאָזיקע געשרייען. ער האָט דערקלערט, אז די פרויען האָבן געשריגן אין דעם מאָמענט, ווען מע פלעגט אָפּלאָזן אפ זיי די הינט און ווען מע פלעגט די גאנצע פארטיע פארווּרטיילטע ארייַנטרייבן אין דער טויט-געבייַדע, — זיי האָבן דערזען דעם טויט. כּוץ דעם איז דאָרט געווען שרעקלעך ענג, און די הינט האָבן אזוי ווייטעקדיק געריסן זייער לייַב אפ שטיקער.

די פלוצעמדיקע שטילקייט פלעגט אנטשטיין, ווען

מע פלעגט פארמאכנ די טירנ פונ די קאמערנ. דאָס געשריי פלעגט זיכ ווידער לאָזנ הערנ, ווענ מע פלעגט צו דער „גאזאָווניע" צופירנ א נייַע פארטיע פרויענ. אזוי האָט זיכ איבערגעכאזערט צוויי, דרייַ, פיר, פינפ מאָל א טאָג. די טרעבלינקער שכיטע איז דאָכ עפּעס געווענ ניט קיינ פּאָשעטע שכיטע, נאָר א טויט-קאָנווייער, אייַנגעאָרדנט לויט די לעצטע קלאָלימ פונ א מאָדערנער גרויסער אונטערנעמונג.

ווי אנ עכטער אינדוסטריעלער קאָמבינאט, איז טרעבלינקע ניט מיטאמאָל אנטשטאנענ אינ אזא אויסזענ, ווי מיר האָבנ זי באשריבנ. זי איז געוואקסנ בעהאדראָגעדיק, האָט זיכ אנטוויקלט, געבויט נייַע צעכנ. צוערשט זייַנענ אופגעבויט געוואָרנ דרייַ ניט קיינ גרויסע גאזקאמערנ. אינעמ פעריאָד, ווענ אָט די קאמערנ האָבנ זיכ געבויט, זייַנענ אָנגעקומענ עטלעכע עשעלאָנענ, אונ אזוי-ווי די קאמערנ זייַנענ נאָכ ניט געווענ פארטיק, זייַנענ אלע אָנגעקומענע דערהארגעט געוואָרנ מיט קאלט געווער — מיט העק, האמערס, פלעקענער. די עסעסאָווצעס האָבנ ניט געוואָלט, אז די שיסערייַ זאָל אנטפלעקנ די ארומיקע אייַנוווינער דעמ שרעקלעכנ טאָכ פונ טרעבלינקע. די ערשטע דרייַ קאמערנ זייַנענ, ווי געזאָגט, געווענ ניט קיינ גרויסע — 5×5 מעטער, ד. ה. מיט א שעטעכ פונ 25 קוואדראט-מעטער יעדע. די הייכ פונ די קאמערנ 190 סאנטימעטער. אינ יעדער קאמער זייַנענ געווענ צוויי



טירנ — אינ איינער האָט מענ ארייַנגעלאָזנ לעבעדיקע מענטשנ, די צווייטע האָט געדינט אפ ארויסצושלעפּנ די פארגאזירטע קערפּערס. די דאָזיקע צווייטע טיר איז געווענ זייער ברייט — בא א דריטהאלבנ מעטער. די קאמערנ זייַנענ געווענ מאָנטירט אלע אינאיינעמ אפ איינ פונדאמענט.

די דאָזיקע דרייַ קאמערנ האָבנ אָבער ניט צופרידנגעשטעלט בערלינ. איז מענ גלייַכ צוגעטראָטנ צו בויענ די אויבנ באשריבענע געבייַדע. די אָנפירער פונ טרעבלינקע האָבנ שטאָלצירט דערמיט, וואָס זייער לאגער שטייַגט ווייַט אריבער לויט דער מעכטיקייַט, דורכלאָזפייִקייַט אונ פּראָדוציר-קוואדראטור פונ די קאמערנ אלע געסטאפּישע טויט-פאבריקנ: אי מייַדאנעק, אי סאָביבור, אי בעלזשעצ.

זיבנ הונדערט ארעסטירטע האָבנ אינ מעשעכ פונ פינפ וואָכנ געארבעט באמ בויענ דעמ נייַעמ טויט-קאָמבינאט. אינ סאמע ברענ פונ דער ארבעט איז פונ דייַטשלאנד געקומענ א מייַסטער מיט א בריגאדע אונ איז צוגעטראָטנ צומ מאָנטאזש. די נייַע צענ קאמערנ זייַנענ געווענ סימעטריש אויסגעבויט פונ ביידע זייַטנ ברייטנ בעטאָנירטנ קאָרידאָר. אינ יעדער קאמער איז, פונקט ווי אינ די פריערדיקע, געווענ צוויי טירנ — די ערשטע פונ דער זייַט פונ קאָרידאָר, אינ איר פלעגט מענ ארייַנפירנ לעבעדיקע מענטשנ, די צווייטע — א פאראלעלע צו דער ערשטער — אינ דער קעגנאיבערדיקער וואנט, האָט געדינט

אפ ארויסצושלעפנ די טויטע קערפערס. די דאָזיקע טיר-
זײַנען ארויסגעגאנגענ אפ א ספעציעלער פּלאטפאָרם.
פּלאטפאָרמעס זײַנען געווענ צוויי — בא ביידע זײַטנ פונ
דער געבײַדע. צו די פּלאטפאָרמעס זײַנען צוגעגאנגענ די
ליניעס פונ א שמאָלקאָלייקער אײַזנבאנ. אזויארום פלעגנ
די טויטע קערפערס ארויספאלנ אפ דער פּלאטפאָרם, אונ
פונ דאָרט פלעגט מענ זיי גלײַכ אָנלאָדנ אינ די וואגאָ-
נעטקעס אונ אוועקפירנ צו די קאָלאָסאלע קוואָרימ. די
פּאָדלאָגע אינ די קאמערנ איז געווענ שטארק אָנגענייגט
פונ קאָרידאָר צו די פּלאטפאָרמעס, אונ דאָס האָט בא-
דײַטנדיק פארשנעלערט די ארבעט פונ אויסלאָדנ די קא-
מערנ. אינ די אלטע קאמערנ פלעגנ די טויטע קערפערס
ארויסגעלאָדנ ווערנ אפ א קוסטארישנ אופנ: מע האָט זיי
ארויסגעטראָגנ אפ טראָגבעטלעכ אונ ארויסגעשלעפּט מיט
דער הילפ פונ רימענס.

די נײַע קאמערנ זײַנען געווענ א סאכ גרעסער —
7 × 8 מעטער, ד. ה. 56 קוואדראט-מעטער. דער אלגע-
מיינער שעטעכ פונ די נײַע צענ קאמערנ האָט אזוי-
ארום באטראָפנ 560 קוואדראט-מעטער. די אלטע דרײַ
קאמערנ האָבנ אויכ געארבעט, ווענ עס פלעגנ אָנקומענ
ניט קיינ גרויסע פּארטיעס. אזוי אז סאכאקל האָט טרע-
בלינקע פארמאָגט א פּראָדוקטיווּנ טויט-שעטעכ פונ 635
מעטער. אינ איינ קאמער פלעגנ ארײַנגעשטופּט ווערנ
גלײַכצײַטיק 400 — 500 מענטשנ. בא דער פולער אָנלאָ-



דונג פונ די צענ קאמערנ פלעגנ אזויארום פאר איינ מאָל
פארניכטעט ווערנ 4500 מענטשנ. בא דער סאמע דורכ-
שניטלעכער אָנלאָדונג פלעגנ די קאמערנ אָנגעלאָדנ ווערנ
ווייניקסטנס צוויי-דרײַ מאָל א טאָג (עס זײַנען געווענ
טעג, ווענ זיי פלעגנ אָנגעלאָדנ ווערנ ביז פינפ מאָל).
בעקיוונ פארקלענערנדיק די ציפער, קאָנענ מיר אונטער-
כעזשבענענ, אז אויב מע האָט נאָר צוויי מאָל א טאָג
אָנגעלאָדנ בלויז די נײַע צענ קאמערנ, האָט מענ אינ
טרעבלינקע אינ מעשעכ פונ איינ טאָג דערהארגעט צענ
טויזנט מענטשנ, אונ אינ מעשעכ פונ כוידעש בא א 300
טויזנט. טרעבלינקע האָט געארבעט טאָג-טעגלעכ אינ מע-
שעכ פונ דרײַצנ כאָדאָשימ, נאָר אויב מיר זאָלנ אפילע
אראָפּוואַרפנ א נײַנציק טעג — רעמאָנט אונ טעג, ווענ עס
זײַנען קיינ עשעלאָנענ ניט אָנגעקומענ, וועלנ זיכ אלצ
באקומענ ריינע צענ כאָדאָשימ ארבעט, ד. ה. אז פאר
די צענ כאָדאָשימ האָט טרעבלינקע דערהארגעט 3 מיליאָנ
מענטשנ. מיר זײַנען ווידער געקומענ צו דער ציפער
דרײַ מיליאָנ. דאָס ערשטע מאָל האָבנ מיר די דאָזיקע
ציפער באקומענ באַם אונטערכעזשבענענ די אָנגעקומענע
עשעלאָנענ, דערבײַ האָבנ מיר אויכ בעקיוונ פארקלענערט
די ציפער.

לאָמיר נאָכאמאָל מאכנ דעם כעזשבנ.

ערשטנס: לויט די באווײַזנ פונ די איידעס האָט
טרעבלינקע געארבעט יעדנ טאָג, אונ די דײַטשנ האָבנ,

גאָר ניט ווי זייער שטייגער, ניט געפּראוועט דאָרט ניט
קיינ זונטיקס, ניט קיינ ווײַנאַכט אונ קיינ שום אַנדערע
כאַגאָעס.

צווייטנס: די אָנגעוויזענע ציפער פונ אָנלאָדנ איינ
קאַמער איז פאַרקלענערט. טרעבלינקע איז צווישנ די אי-
בעריקע טויט-פאַבריקנ באַרימט דערמיט, וואָס אינערגעצ
האָט מענ אַזוי ניט אָנגעשטאָפּט די קאַמערנ, ווי דאָרט.
אָפּטמאָל פלעגט מענ אינ איינ קאַמער בוכשטעבלעכ אַרײַנ-
פּרעסנ זיבנ הונדערט — אַכט הונדערט לעבעדיקע קער-
פּערס. די קינדער אונ די שוואַכע פלעגט מענ געוויינ-
לעכ אַרופוואַרפנ אָפ די קעפּ פונ די דערוואַקסענע, וואָס
זײַנענ געשטאַנענ האַרט איינער לעבנ צווייטנ.

דריטנס: איכ ווײַז אָנ אינ דורכשניט, אַז די קאַ-
מערנ פלעגנ אָנגעלאָדנ ווערנ צוויי מאָל אַ טאָג. די
דורכשניטלעכע אָנלאָדונג איז אָבער, לויט אַלע יעדיִעס,
געווענ אַ דרײַמאָליקע.

אַזויאַרום איז סײַ באַם אונטערכעזשבענענ די אינ
טרעבלינקע אָנגעקומענע עשעלאָנענ, סײַ באַם אויסרעכע-
נענ די טויט-מעכטיקײַט פונ די קאַמערנ, קומענ מיר,
אַפילע באַם פאַרקלענערנ אַלע אָנגאַבנ, צו איינ אונ דער
זעלבער ציפער: דרײַ מיליאָנ דערהאַרגעטע מענטשנ אינ
מעשעכ פונ דרײַצנ כאָדאָשימ.

דאָס טייטנ האָט אינ אַ קאַמער געדויערט פונ צענ
ביז פינפ אונ צוואַנציק מינוט.



אינ דער ערשטער צײַט, ווענ די נײַע קאַמערנ האָבנ
ערשט אָנגעהויבנ פונקציאָנירנ, האָבנ נאָכ די הענקער ניט
געקאָנט רעגולירנ דעמ גאַז-רעזשימ אונ האָבנ געמאַכט
עקספּערימענטנ מיט דאָזירנ פאַרשיידענע גיפט-שטאָפנ,
דעריבער האָבנ די קאָרבאָנעס געהאַט אויסצושטיינ גוואַל-
דיקע ליידנ אינ מעשעכ פונ צוויי-דרײַ שאָ. אינ די
גאָר ערשטע טעג האָבנ שלעכט געאַרבעט די פאַרשיידע-
נע פּאָמפּע-אינסטאַליאַציעס, אונ דעמלט פלעגנ די ליידנ
פונ די אומגליקלעכע זיכ פאַרציִענ אָפ אַכט אונ צענ שאָ.

אָפ צו טייטנ זײַנענ אָנגעווענדט געוואָרנ פאַרשיידע-
נע מעטאָדנ. אַרײַנפּאָמפּענ אינ די קאַמערנ די גאַזנ, וועל-
כע עס האָט אויסגעאַרבעט דער מאָטאָר פונעמ שווערנ
טאַנק, וואָס איז אויסגענוצט געוואָרנ אַלס מאָטאָר פאַר
דער טרעבלינקער עלעקטראָסטאַנציע. דער דאָזיקער גאַז
אַנטהאַלט צוויי-דרײַ פּראָצענט קוילנשטאָפ-אָקסיד, וואָס
פאַרוואַנדלט דעמ העמאָגלאָבינ פונעמ בלוט אינ אַ פעס-
טער פאַרייניקונג, אינעמ אַזוי-גערופענעמ קאַרבאָקסיהעמאָ-
גלאָבינ. דער דאָזיקער קאַרבאָקסיהעמאָגלאָבינ איז פיל
שטאַנדהאַפטיקער פונעמ אָקסיהעמאָגלאָבינ, וואָס בילדעט
זיכ אויס, ווענ דאָס בלוט קומט אינ באַרירונג מיטנ
זויערשטאָפ פונ דער לופט אינ די אַלוועאָלעס פונ די
לונגענ. אינ מעשעכ פונ פופצנ מינוט פאַרייניקט זיכ דער
העמאָגלאָבינ אינ בלוט מיט דעמ קוילנשטאָפ-אָקסיד, אונ
דער זויערשטאָפ הערט אויפ אַרײַנצושטראָמענ אינעמ

מענטשנס אָרגאניזמ. עס באווײַזנ זיכ סימאָנימ פונ זויער-שטאָפ-הונגער. דער מענטש קומט אומ א דערשטיקטער.

דער צווייטער מעטאָד, וואָס איז אָמערסטנ אָנגעווענדט געוואָרנ אינ טרעבלינקע, איז געווענ דער מעטאָד פונ אויספּאָמפּענ די לופט פונ די קאמערנ מיט דער הילפ פונ ספּעציעלע פּאָמפּעס. דער טויט פלעגט קומענ מאכמעס די זעלבע סיבעס: באמ מענטשנ האָט מענ צוגענומענ דעמ זויערשטאָפ.

אונ, ענדלעכ, דער דריטער מעטאָד, א ווייניקער אָנגענומענער, אָבער וואָס איז דאָכ אָנגעווענדט געוואָרנ — דערהארגענענ מיט דער הילפ פונ דאמפּ. דער דאָזיקער מעטאָד האָט זיכ אויכ באזירט אפ צונעמענ באמ אָרגאניזמ דעמ זויערשטאָפ: דער דאמפ פלעגט ארויסשטויסנ פונ די קאמערנ די לופט.

עס זײַנענ אויכ אָנגעווענדט געוואָרנ פארשיידענע אנדערע גיפטשטאָפנ, דאָס זײַנענ אָבער געווענ בלויז עקספּערימענטנ. די גרונט-מעטאָדנ פונ די מאסנ-הארגעס זײַנענ געווענ יענע צוויי, וועגנ וועלכע מיר האָבנ פריער דערמאָנט.

אזוי האָט דער גאנצער פּראָצעס פונ דער ארבעט פונעמ טרעבלינקער קאָנווייער געהאָלפנ דער כײַע צונעמענ באמ מענטשנ איינס נאָכנ צווייטנ אלץ, מיט וואָס ער האָט זיכ באנוצט פונ קאדמוינימ אָנ לויטנ הייליקנ געזעצ פונ לעבנ. צוערשט האָט מענ באמ מענטשנ צוגענומענ די פרײַהײַט, די היימ, דאָס לאנד אונ אוועקגעפירט אפ אנ אומבאוווסטער וואלד-פּוסטקע. דערנאָכ האָט מענ באמ מענטשנ אפנ וואָקזאל-פּלאצ צוגענומענ זײַנע זאכנ, בריוו, די פּאָטאָגראפיעס פונ זײַנע נאָענטע, נאָכדעמ, הינטער דער לאגער-צאמ, האָט מענ בא אימ צוגענומענ די מוטער, די פרוי, דאָס קינד. דערנאָכ האָט מענ בא דעמ נאקעטנ מענטשנ צוגענומענ די דאָקומענטנ, געוואָרפנ זיי אינ שײַטער — באמ מענטשנ האָט מענ צוגערויבט אפילע זײַנ נאָמענ. מע האָט אימ ארײַנגעטריבנ אינ א קאָרידאָר מיט א נידעריקער שטיינערנער סטעליע — מע האָט בא אימ צוגענומענ דעמ הימל, די שטערנ, דעמ ווינט, די זונ.

אונ אָט קומט ער, דער לעצטער אקט פונ דער מענטשלעכער טראגעדיע, דער מענטש איז ארופ אפנ לעצטנ שטאפל פונעמ טרעבלינקער גענעמ. הינטער אימ האָבנ זיכ פארהאקט די טירנ פונ דער בעטאָנירטער קאמער. פארפולקומטע מעכאניזירטע ריגלענ, מאסיווע פּארוקערס אונ האקנס האלטנ די טיר. ווועסט זי ניט אופברעכנ.

צי וועלנ מיר אינ זיכ געפינענ קויעכ צו פארטראכטנ זיכ איבער דעמ, וואָס עס האָבנ געפילט אינ די לעצטע מינוטנ די מענטשנ, וועלכע זײַנענ געווענ פארשפּארט אינ די דאָזיקע קאמערנ? עס איז באוווסט, אז זיי האָבנ געשוויגנ... אינ א שרעקלעכער ענגשאפט, וואָס

האָט געבראָכנ די ביינער אונ ניט געלאָזט דעמ ברוסט-קאסטנ אָטעמענ, זײַנענ זיי געשטאַנענ איינער לעבנ צווייטנ, באַגיסנדיק זיכ מיטנ לעצטנ, קלעפּיקנ טויט-שווייס. עמעצער, עפּשער א גרײַז-גראָער כאָכעמ, האָט קוימ ארויסגערעדט: „פּארנעמט מײַנ טרייסט-וואָרט — דאָס איז דער סאָפ“... עמעצער שרײַט אויס א שרעקלעכע קלאָלע... שוינ זשע וועט זי ניט מעקויעמ ווערנ, אָט די הייליקע קלאָלע? א מוטער פּרווט מיט איבערמענטש-לעכער אָנשטרענגונג אָפּרייניקנ א שטיקל אָרט פאר איר אייפעלע — זאָל איר מוטערלעכע זאָרג כאָטש אפ איינ מיליאָנטל פארלײַכטערנ זײַנ לעצטנ גסיסע-אָטעמ. מיט שוינ א געליימטער צונג פּרועגט א מיידל: „פּארוואָס דערשטיקט מענ מיכ? פּארוואָס טאָר איכ ניט ליבנ אונ האָבנ קינדער?“ אונ דער קאָפּ דרייט זיכ, עס שטיקט אינ האלדז. וואָסערע בילדער האָבנ געשווינדלט פאר די שוינ פארגלייזטע שטארבנדיקע אויגנ? די קינדהײַט, די גליקלעכע פרידלעכע טעג, די לעצטע שווערע רײַזע? עמעצער האָט זיכ דערמאָנט אָנ דעמ כויזעק אפּנ פּאָנעמ פונ אנ עסעסאָווער אפנ ערשטנ פלאצ לעבנ וואָקזאל. „דעריבער האָט ער געלאכט!..“ דער באַוווּסטזײַנ לעשט זיכ אויס, אונ עס קומט די מינוט פונ דעמ לעצטנ שרעקלעכנ פּײַנ...

ניינ, מע קאָנ זיכ ניט פאָרשטעלנ דאָס, וואָס איז פאָרגעקומענ אינ די קאמערנ... די טויטע קערפּערס



שטייענ אונ גליוווערנ ביסלעכווײַז. לענגער פונ אלעמענ, באַווײַזנ די איידעס, האָט זיכ אײַנגעהיט דער אָטעמ בא די קינדער. אינ א 20—25 מינוט ארומ האָבנ שמידטס געהילפנ ארײַנגעקוקט אינעמ אייגל. ס'איז געקומענ די צײַט צו עפענענ די טירנ, וואָס צו די פלאטפּאָרמעס ארויס. געטריבנ פונ די עסעסאָווצעס, איז א גרופּע ארעס-טירטע צוגעטראָטנ צומ אויסלאָדנ די קאמערנ. אזוי ווי די פּאָדלאָגע איז געווענ אָנגעבייגט צו דער פּלאטפּאָרמע-צו, זײַנענ א סאך קערפּערס אליינ ארויסגעפאלנ. מענטשנ, וואָס האָבנ געארבעט באמ אויסלאָדנ די קאמערנ, האָבנ מיר דערציילט, אז די פּענעמער פונ די טויטע זײַנענ געווענ זייער געל אונ אז בא א 70% דערהארגעטע איז פונ נאָז אונ פונ מויל ארויסגערונענ א ביסל בלוט. די פיזיאָלאָגנ קאָנענ געפינענ א דערקלערונג פאר אָט דער דערשײַנונג.

שמועסנדיק צווישנ זיכ, האָבנ די עסעסאָווצעס בא-טראכט די מייסימ. אויב עס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז עמעצער לעבט נאָכ, אָטעמט אָדער באַוועגט זיכ, האָט מענ אימ דערשאָסנ פונ א פּיסטאָלעט. דערנאָכ האָט א קאָמאנדע, באַוואָפנט מיט צייננדאָקטערשע צוואנגענ, ארויסגעריסנ בא די טויטע די גאָלדענע ציינער. די ציינער האָט מענ סאָרטירט לויט זייער ווערט, אײַנגעפּאקט אינ קעסטלעכ אונ אוועקגעשיקט קיינ דײַטשלאנד. ווענ די עסעסאָווצעס וואָלט געווענ באַקוועמער ארויסצורײַסנ די

צייַנער בא לעבעדיקע מענטשנ, וואָלטנ זיי, פארשטייט זיכ, קיינ רעגע ניט געטראכט, אונ געטאָנ עס, פונקט אזוי ווי זיי האָבנ אָפּגעשאָרנ די האָר בא לעבעדיקע פרויענ. ארויסרײַסנ די ציינ בא טויטע איז געווענ, ווײַזט אויס, באקוועמער אונ לײַכטער.

די מייסימ האָט מענ אָנגעלאָדנ אינ וואגאָנעטקעס אונ צוגעפירט צו קאָלאָסאלע רויענ — קוואָרימ. דאָרט האָט מענ זיי אײַנגעלייגט רייענווײַז, פעסט איינעמ לעבנ צווייטנ. דעמ רוי פלעגט מענ ניט פארשיטנ, ער פלעגט ווארטנ...

אונ בייס מע פלעגט ערשט צוטרעטנ צומ אויסלאָדנ די „גאזאָווניע", פלעגט שוינ דער שארפירער, וואָס האָט געארבעט אפנ „טראנספּאָרט", באקומענ א טעלעפאָנישנ באפעל. דער שארפירער פלעגט דערלאנגענ דעמ אָפּגערעדטנ פײַפ — א סיגנאל דעמ מאשיניסט, אונ נײַע צוואנציק וואגאָנעס פלעגנ צופאָרנ צו דער פלאטפאָרמע, אפ וועלכער עס איז געשטאנענ דער מאקעט פונעמ וואָקזאל פונ דער סטאנציע „אָבער-מײַדאנ". נײַע דרײַ-פיר טויזנט מענטשנ מיט טשעמאָדאנעס, פעק זאכנ, מיט פעקלעכ עסנ אינ די הענט פלעגנ ארויסגיינ אפנ וואָקזאל-פלאצ. מוטערס האָבנ געטראָגנ קינדער אפ די הענט, די עלטערע קינדער האָבנ זיכ אָנגעהאלטנ אָנ די עלטערנ אונ אופמערקזאמ זיכ ארומגעקוקט. עפעס באומרויִקנדיקס אונ איימעדיקס איז געווענ אינ אָט דעמ פלאצ, אנ אויסגע-



טראָטענעמ פונ מיליאָנענ מענטשלעכע פיס. אונ פארוואָס עפעס ענדיקט זיכ די אײַזנבאנ-קאָלייע גלײַכ הינטער דער וואָקזאל-פלאטפאָרמע, פארוואָס וואקסט דאָרט געל גראָז אונ עס ציט זיכ א וואנט דראָט דרײַ מעטער די הייכ?..

די נײַע פארטיעס האָט מענ אופגענומענ לויט א שטרענגנ כעזשבנ, אזוי אז די פארורטיילטע זאָלנ ארופטרעטנ אפנ „וועג אָנ א צוריק" פונקט אינ דעמ מאָמענט, ווענ פונ דער „גאזאָווניע" פלעגט מענ ארויספירנ צו די רויענ די לעצטע מייסימ.

אונ דער רוי איז געשטאנענ ניט קיינ פארשאָטענער אונ האָט געווארט...

אונ אזוי קעסיידער.

ווידעראמאָל אונ נאָכאמאָל — א פײַפ פונעמ שארפירער, ווידעראמאָל אונ נאָכאמאָל פאָרנ לאנגזאמ ארויס פונ וואלד צוואנציק וואגאָנעס אונ גייענ צו צו דער פלאטפאָרמע. נײַע טויזנטער מענטשנ, מיט טשעמאָדאנעס, פעק זאכנ אונ פעקלעכ עסנ, גייענ ארויס אפנ פלאצ אונ קוקנ זיכ ארומ. עפעס באומרויִקנדיקס אונ איימעדיקס איז געווענ אינ אָט דעמ פלאצ, אנ אויסגעטראָטענעמ פונ מיליאָנענ מענטשלעכע פיס...

ריזיקע עקסקאוואטאָרנ האָבנ געארבעט, געריטשעט, געגראָבנ טאָג אונ נאכט קאָלאָסאלע רויענ. הונדערטער מעטער די לענג אונ פיל מעטער די טיפ. אונ די רויענ זײַנענ געשטאנענ ניט קיינ פארשאָטענע אונ האָבנ געווארט...

## 2

סאָפּ ווינטער 1943/1942 איז קיינ טרעבלינקע געקומענ הימלער אינ באַגלייטונג פונ א גרופּע גרויסע אָנגעשטעלטע פונ געסטאַפּאָ. הימלערס גרופּע איז אינעמ ראַיאָנ פונ לאַגער געקומענ אַפּ אַנ אַעראָפּלאַנ אונ דערנאָכ אַפּ צוויי פּאַסאַזשיר-מאַשינעס אַרייַנגעפאָרנ אינ לאַגער דורכנ הויפּט-טויער. די מערהייַט אָנגעקומענע זייַנענ געווענ אינ מיליטערישע אוניפאָרמעס, בלויז אייניקע, מאַשמאָעס עקספּערטנ, זייַנענ געווענ ציוויל געקליידעט — אינ פּעלצנ אונ אינ היט. הימלער האָט פּערזענלעכ באַטראַכט דעמ לאַגער, אונ איינער פונ די, וואָס האָבנ אימ געזענ, האָט אונדז דערציילט, אַז דער טויט-מיניסטער איז צוגעגאַנגענ צומ קאַלאָסאַלנ רוי אונ לאַנג שווייַגנדיק אימ באַטראַכט. די באַגלייטער זייַנענ געשטאַנענ א פּאָר טריט הינטער אימ אונ האָבנ געוואַרט, ביז היינריכ הימלער וועט ענדיקנ באַטראַכטנ דעמ קאַלאָסאַלנ קייווער, וואָס איז שוינ ביז העלפט פול געווענ מיט מייסימ. טרעבלינקע איז געווענ די גרעסטע פאַבריק אינעמ הימלער-קאָנצערנ. דעמ זעלבנ טאָג איז דער אַעראָפּלאַנ פונעמ עסעס-רייכספירער אוועקגעפלויגנ. פאַרלאָזנדיק טרעבלינקע, האָט הימלער אָפּגעגעבנ א באַפעל, וואָס האָט אַרויסגערופנ א צעטומלטקייַט בא אַלעמענ — אי באַמ האויפּטשטורמפירער באַראָנ פאָנ פּפייַנ, אי בא זייַנ פאַרטרעטער קאַראָל, אי באַמ קאַפּיטאַנ פראַנצ: טייקעפּ צוטרעטנ צומ פאַרברענענ די פאַרגראָבענע מייסימ, אונ פאַרברענענ זיי אַלע ביז איינעמ. דעמ אַש אונ דעמ שלאַק אַרויספירנ פונ לאַגער, צעוואַרפנ איבער פעלדער אונ וועגנ. אינ דער ערד האָבנ זיכ שוינ געפונענ מיליאָנענ מייסימ. די אויפגאַבע האָט אויסגעוויזנ אומגעווייַנלעכ קאָמפּליצירט אונ שווער. כוצ דעמ, איז געווענ א באַפעל די נייַ-פאַרגאַזירטע ניט פאַרגראָבנ, נאָר טייקעפּ פאַרברענענ.

וואָס האָט אַרויסגערופנ הימלערס אינספּעקטאָר-רייַזע אונ זייַנ פּערזענלעכנ קאַטעגאָרישנ באַפעל, וועלכנ ער האָט צוגעגעבנ אַזאַ גרויסע באַדייַטונג? די סיבע איז געווענ בלויז איינע — דער סטאַלינגראַדער זיג פונ דער רויטער אַרמיי. דער רוסישער קלאַפּ בא דער וואָלגע איז געווענ אַזוי מעכטיק, אַז שוינ אינ עטלעכע טעג אַרומ האָט מענ זיכ אינ בערלינ צומ ערשטנ מאָל פאַרטראַכט וועגנ פאַראַנטוואָרטלעכקייַט, וועגנ שטראָפּ. אונ הימלער אַליינ איז געקומענ צו פליִענ אַפּ אַנ אַעראָפּלאַנ קיינ טרעבלינקע אונ האָט באַפוילנ דרינגענדיק פאַרווישנ די שפּורנ פונעמ פאַרברעכנ, וואָס איז באַגאַנגענ געוואָרנ 60 קילאָמעטער פונ וואַרשע.

צווערשט איז די אַרבעט פונ פאַרברענענ די מייסימ עפּעס ניט געגאַנגענ — די מייסימ האָבנ ניט געוואָלט ברענענ. מע האָט באַמערקט, אַז די פרויענ-קערפּערס

ברענענ בעסער... מע האָט געפּאַטערט זייער פיל בענזינ אונ אייל אפ פאנאנדערברענענ די מייסימ, דאָס האָט אָבער געקאָסט טײַער, אונ דער עפעקט איז געווענ א נישטיקער. עס האָט זיכ געדוכט, אז דער איניענ ווערט זיכ שוינ פונ אָרט ניט רירנ. מע האָט אָבער געפונענ אנ אויסוועג. פונ דײַטשלאנד איז געקומענ צו פאָרנ אנ עסעסאָווער. א דיקער מאנצבל, בא די פופציקער. א ספּעציאַליסט אונ א מײַסטער. וואָסערע מינימ מײַסטערס האָט נאָר ניט געבאָרנ דער היטלערישער רעזשימ — אי פונ הארגענענ קליינע קינדער, אי פונ דערשטיקנ, אי פונ בויענ גאז־קאמערנ, אי פונ וויסנשאפטלעכ-אָרגאניזירטנ פארניכטנ א גרויסע שטאָט אינ מעשעכ פונ איינ טאָג. עס האָט זיכ אויכ געפונענ א ספּעציאַליסט פונ ארויסגראָבנ אונ פארברענענ מיליאָנענ דערהארגעטע מענטשנ.

אונטער זײַנ אָנפירונג האָט מענ אָנגעהויבנ בויענ אויוונס. אויוונס-שײַטערס פונ א ספּעציעלנ מינ, ווײַל ניט דער לובלינער, ניט קיינ שומ אנדער גרעסטער קרעמאטאָרי אינ דער וועלט איז ניט אימשטאנד געווענ פאר א קורצער צײַט צו פארברענענ אזויפיל טויטע קערפּערס. אנ עקסקאוואטאָר האָט אויסגעגראָבנ א רוי פונ 300-250 מעטער די לענג, 25-20 מעטער די ברייט, 5 מעטער די טיפ. אפנ דעק פונ דעמ רוי אינ זײַנ גאנצער לענג האָט מענ אוועקגעשטעלט צוויי רייענ סלופּעס פּ'נ אײַזנבעטאָנ



אפ א גלײַכנ שטעטעכ איינער פונעמ צווייטנ, יעדערער פונ זיי האָט זיכ געהויבנ איבערנ רוי אפ 120-100 סאנטימעטער. די סלופּעס זײַנענ געווענ דער פונדאמענט פאר שטאָלענע באלקנס, וואָס זײַנענ געלעגנ לענגויס דעמ גאנצנ רוי. אינ דער קווער פונ די דאָזיקע באלקנס האָט מענ אוועקגעלייגט רעלסנ, אפ א שטעטעכ פונ 7—5 סאנטימעטער איינער פונעמ צווייטנ. אזויארומ זײַנענ אײַנגעאָרדנט געוואָרנ גיגאנטישע גראטעס פונ א קאָלאָסאלנ אויוונ. עס איז אויסגעבויט געוואָרנ א נײַע אײַזנבאנ-קאָלייע, וואָס האָט געפירט פונ די קוואָרימ־רויענ צו דעמ אויוונ-רוי. אינגיכנ האָט מענ אופגעבויט א צווייטנ אונ אויכ א דריטנ אויוונ פונ דער זעלבער גרייס. אינ יעדנ פונ אָט די אויוונס פלעגט מענ פאר איינ מאָל אָנלאָדנ 3500— 4000 מייסימ.

עס איז געבראכט געוואָרנ א צווייטער „וואגער" — א קאָלאָסאלער עקסקאוואטאָר, אונ אינגיכנ — אויכ א דריטער. די ארבעט איז געגאנגענ טאָג אונ נאכט. מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ באטייליקט אינ פארברענענ די מייסימ, דערציילנ, אז די דאָזיקע אויוונס האָבנ דערמאָנט אינ וואלקאנענ. א שרעקלעכע היצ האָט געברענט די פּענעמער, א פלאמ האָט געזעצט אפ 10—8 מעטער די הייכ, די זײַלנ שווארצנ, געדיכטנ אונ פעטנ רויכ האָבנ געגרייכט ביזנ הימל אונ זײַנענ, ווי א שווערער, אומבאוועגלעכער פאָרהאנג, געהאנגענ אינ דער לופט. פאר 40-30 קילאָמע-

טער פונעמ לאגער האָבנ די אײַנוווינער פונ די ארומי-
קע דערפער געזענ באנאכט דעמ פלאמ. ער האָט זיכ
געהויבנ איבער די סאָסנע-וועלדער, וואָס האָבנ ארומגע-
רינגלט דעמ לאגער. דער איפּעש פונ פארסארפּעט
מענטשנ-פלייש האָט אָנגעפילט די גאנצע אומגעגנט. ווענ
דער ווינט פלעגט בלאָזנ אינ דער זײַט פונ פוילישנ לא-
גער, וואָס איז געווענ דרײַ קילאָמעטער פונ דאָרט, פלעגנ
די מענטשנ דערשטיקט ווערנ פונ דעמ שרעקלעכנ אי-
פּעש. בא דער ארבעט פונ פארברענענ די מייסימ זײַ-
נענ געווענ פארנומענ 800 ארעסטירטע. דער דאָזיקער
שוידערלעכער צעכ האָט געארבעט טאָג אונ נאכט אינ
מעשעכ פונ אכט כאדאָשימ אונ האָט זיכ ניט געקאָנט
קיינ אייצע געבנ מיט די מיליאָנענ פארגראָבענע מענטש-
לעכע קערפּערס. דערצו נאָכ פלעגנ די גאנצע צײַט אָנ-
קומענ נײַע פּארטיעס פארורטיילטע, אונ דאָס האָט אויכ
געגעבנ אנ אָנלאָדונג די אויוונס.

עס פלעגנ אָנקומענ עשעלאָנענ ייִדנ פונ בולגאריע. די
עסעסאָווצעס אונ וואכלײַט פלעגנ זיכ פרייענ בא זייער
אָנקומ. אָפּגענארט פונ די דײַטשנ אונ פונ דער דעמל-
טיקער פאשיסטישער בולגארישער רעגירונג, האָבנ די
מענטשנ, ניט וויסנדיק, וואָס עס דערווארט זיי, געבראכט
מיט זיכ א סאכ ווערטפולע זאכנ, גוט עסנ, ווײַס ברויט.
דערנאָכ האָבנ אָנגעהויבנ אָנקומענ עשעלאָנענ פונ גראָד-
נע אונ ביאליסטאָק. דערנאָכ עשעלאָנענ פונ דער אופ-



געשטאנענער ווארשעווער געטאָ. עס איז אָנגעקומענ אנ
עשעלאָנ פוילישע אופשטענדלער — פויערימ, ארבעטער,
סאָלדאטנ. עס איז אָנגעקומענ א פארטיע ציגײַנער פונ
בעסאראביע, א 200 מענער אונ 800 פרויענ מיט קינדער.
די ציגײַנער זײַנענ געקומענ צופוס, נאָכ זיי זײַנענ גע-
גאנגענ פורנ מיט פערד: זיי האָט מענ אויכ אָפּגענארט.
געקומענ זײַנענ די טויזנט מענטשנ אונטער דער וואכ
פונ סאכאקל צוויי וואכלײַט, אונ די וואכלײַט אליינ
האָבנ קיינ אנונג ניט געהאט, אז זיי טרײַבנ די מענטשנ
צומ טויט. מע דערציילט, אז די ציגײַנער האָבנ געפּליעס-
קעט מיט די הענט פונ אנציקונג, ווענ זיי האָבנ דערזענ דעמ
שײַנעמ ביניענ פונ דער טויט-געבײַדע, אונ האָבנ ביז דער
לעצטער מינוט זיכ ניט אָנגעשטויסנ, וואָס עס דערווארט זיי.
דאָס האָט באזונדערס פארווײַלט די דײַטשנ. אכזאָריעס-
דיק האָבנ די דײַטשנ זיכ איזדיעקעוועט איבער די אופ-
שטענדלער פונ ווארשעווער געטאָ. פונ יעדער פארטיע
פלעגט מענ אויסטיילנ די פרויענ מיט קינדער אונ פירנ
זיי ניט צו די גאז-קאמערנ, נאָר צו די ערטער, ווו מע
האָט פארברענט די מייסימ. די פאר שרעק מעשוגע
געוואָרענע מוטערס האָט מענ געצווונגענ ארומפירנ די
קינדער צווישנ די אָנגעגליטע גראטעס, ווו עס האָבנ זיכ
אינ פלאמ אונ רויכ געדרייט די מייסימ, ווו בא טויטע
מעובערעסע פרויענ האָבנ פונ היצ געפּלאצט די בײַכער
אונ ווו די קינדער, דערהארגעטע איידער זיי זײַנענ געבוירנ

געוואָרנ, האָבנ געברענט אינ דער מוטער-טראכט. דאָס דאָזיקע בילד האָט געקאָנט אראָפּפירנ פונ זינענ דעמ סאמע פארהארטעוועטנ מענטשנ. די דײַטשנ האָבנ אָבער ריכטיק אויסגערעכנט, אז נאָכ טויזנטער מאָל מער האָט עס געדארפט ווירקנ אפ די מוטערס, וואָס האָבנ געפּרווט מיט די הענט פארשטעלנ די אויגנ פונ זייערע קינדער, וועלכע האָבנ זיכ געוואָרפנ צו זיי מיט ווילדע געשרייענ: „מאמע, מאמע, וואָס וועט מיט אונדז זײַנ, מע וועט אונדז פארברענענ?"

זיכ פארווײַלט א ביסל מיט אזא בילד, פלעגנ די דײַטשנ ווירקלעכ פארברענענ די קינדער.

אפילע לייענענ וועגנ דעמ איז אומענדלעכ שווער. דער לייענער מעג מיר גלייבנ, ניט ווייניקער שווער איז שרײַבנ וועגנ דעמ. עפשער וועט עמעצער פרעגנ: „צו וואָס זשע שרײַבנ, צו וואָס דערמאָנענ וועגנ דעמ?

די פליכט פונעמ שרײַבער איז דערציילנ דעמ שרעקלעכנ עמעס, די בירגער-פליכט פונעמ לייענער איז וויסנ דעמ דאָזיקנ עמעס. יעדער איינער, וואָס וועט זיכ אָפּקערנ, וואָס וועט פארמאכנ די אויגנ אינ פארבײַגיינ, וועט באליידיקנ דעמ אָנדענק פונ די אומגעקומענע. יעדער איינער, וואָס וועט זיכ ניט דערוויסנ דעמ גאנצנ עמעס, וועט קיינמאָל ניט פארשטיינ, מיט וואָס פאר א סוינע, מיט וואָס פאר א כײַע-ראָע עס איז ארײַנגעטראָטנ



אינ א טויט-געראנגל אונדזער גרויסע, אונדזער הייליקע רויטע ארמיי.

דעמ „לאזארעט" האָט מענ אויכ אויסגעשטאט אפּסנײַ. פריער פלעגט מענ די קראנקע אוועקפירנ אינעמ ווינקל, וואָס איז געווענ אָפּגעצאמט מיט צווײַגנ. דאָרט פלעגט זיי באגעגענענ דער „דאָקטער" אונ דאָרט פלעגט מענ זיי הארגענענ. די קערפּערס פונ די דערהארגעטע אלטע לײַט אונ קראנקע פלעגט מענ אפ טראָגבעטלעכ טראנספּאָרטירנ צו די אלגעמיינע קוואָרימ. איצט איז אויסגעגראָבנ געוואָרנ א קײַלעכדיקער רוי. ארומ אימ, ווי ארומ א ספּאָרט-סטאדיאָנ, זײַנענ געשטאנענ נידעריקע בענקלעכ, אזוי נאָענט צומ ראנד, אז די זיצנדיקע אפ די בענקלעכ האָבנ זיכ געפונענ סאמע איבערנ גרוב. אפנ דעק האָבנ זיכ געפונענ גראטעס, אפ וועלכע עס האָבנ געברענט מייסימ. די קראנקע אונ די זקיינימ פלעגט מענ ברענגענ אינ „לאזארעט". דערנאָכ פלעגנ די „סאניטארנ" אוועקזעצנ זיי אפ די בענקלעכ מיטנ פּאָנעמ צו דעמ שײַטער פונ די מענטשלעכע קערפּערס. אָנגעקוואָלנ א ביסל פונ דעמ בילד, פלעגנ די קאניבאלנ שיסנ אינ די גרויע קעפּ אונ געבויגענע רוקנס פונ די זיצנדיקע: די דערהארגעטע אונ פארוווּנדעטע פלעגנ פאלנ אינ שײַטער.

וואָס הייסט דײַטשישער הומאָר, וועט זיכ די וועלט דערוויסנ פונ די פארווײַלונגענ, וואָס די עסעסאָווצעס

האָבן זיך איינגעאָרדנט, פון די בלוטיקע „ווינצן", וואָס
זיי האָבן געפּראַוועט איבער זייערע קאָרבאָנעס.

זיי האָבן איינגעאָרדנט פוטבאָל-פאַרמעסטונגען פון
די טויט-פאַרורטיילטע, געצוואונגען זיי צו שפּילן אין „כאַ-
פּעניש", אָרגאַניזירט א כאָר פון די פאַרורטיילטע, טענץ
פון די פאַרורטיילטע. פאַר די פאַרורטיילטע איז אפילע
אָנגעשריבן געוואָרן א ספּעציעלער הימן „טרעבלינקע"
און דאָרט זיינען געווען אזוינע ווערטער:

„פאַר אונדז גילט היינט נאָר טרעבלינקע,
דאָס איז אונדזער שיקזאַל".

די צעבלוטיקטע מענטשן האָט מען עטלעכע מינוט
פאַרן טויט געצוואונגען אויסכאַזערן די ווערטער פון אי-
דיאָטישע דייטשישע סענטימענטאַלע לידער.

דער הויפּט-קאָמענדאַנט פונעם לאַגער האָט אין איי-
נער א פּאַרטיע אָפּגעקליבן עטלעכע קינדער, דערהארגעט
זייערע עלטערן, האָט ער די קינדער אָנגעטאָן אינעם
שענסטן און אינעם בעסטן, האָט זיי געקאָרמעט מיט
אַלדאָס גוטס, זיך געשפּילט מיט זיי, און דערנאָך, אין
עטלעכע טעג אַרום, ווען די שפּיל איז אים מיאוס גע-
וואָרן, האָט ער באַפוילן די קינדער דערהארגענען.

איינע פון די הויפּט-פאַרווײַלונגען איז געווען גוואַלד-
טאַטן און איזדיעקענישן איבער יונגע שיינע פרויען און
מיידלעך, וועלכע מע פלעגט אָפּקלייבן אין יעדער פּאַר-
טיע פון די פאַרורטיילטע. אַפּ מאָרגן אינדערפרי פלעגן



די שענדער אליין אוועקפירן זיי אין דער „גאַזאָווניע".

אזוי האָבן זיך פאַרווײַלט אין טרעבלינקע די עס-
עסאָווצעס, די באַזע פונעם היטלערישן רעזשים און דער
שטאָלץ פונעם פאַשיסטישן דײַטשלאַנד.

מע מוז אָנווייזן, אז די דאָזיקע נעפּאַשעס זיינען
קלאָל ניט געווען קיין מעכאַנישע אויספילער פון א
פרעמדן ווילן. אלע איידעס שטרייכן אונטער דעם פאַר
זיי אַלעמען געמיינזאַמען שטריך: די ליבע צו טעאָרעטי-
שע באַטראַכטונגען, צו פילאָזאָפירן. אלע האָבן זיי גע-
האַט א טענדענץ צו האַלטן רעדעס פאַר די פאַרורטיילטע,
זיך באַרימען פאַר זיי, דערקלערן דעם גראַנדיעזן זין
און די באַדײַטונג, וואָס עס האָט פאַר דער צוקונפט דאָס
פאַרקומענדיקע אין טרעבלינקע. זיי זיינען אלע געווען
טיפ און אויפריכטיק איבערצייגט, אז זיי טוען א וויכ-
טיקע און נייטיקע אַרבעט. זיי האָבן געניי דערקלערט
די מיילעס פון זייער ראַסע אין פאַרגלייך מיט אלע אַנ-
דערע, זיי האָבן געהאַלטן דראָשעס וועגן דייטשיש בלוט,
דײַטשישן כאַראַקטער, וועגן דער מיסיע פון די דײַטשן.
זייער גלויבן איז געווען פאָרמולירט אין היטלערס און
ראָזענבערגס ביכער, אין געבעלסעס בראָשורן און אַר-
טיקלען.

אָפּגעאַרבעט און פאַרווײַלט זיך אזוי, ווי ס'איז אויבן
באַשריבן, זיינען זיי געשלאָפן רויק אָן כאַלוימעס און
קאָשמאַרן. דאָס געוויסן האָט זיי ניט געפּייניקט, דערפון

האָט זיי באַפרײַט היטלער. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט גימנאַסטיק, אָפּגעהיט ס׳געזונט, געטרונקען מילך, שטאַרק געזאָרגט וועגן זייערע שטייגער-באַקוועמלעכקײַטן, אײַנגעאָרדנט אַרום זייערע הײַזער גערטנדלעך מיט שיינע בלומען. זיי פלעגן אָפט, צו עטלעכע מאָל א יאָר, פאָרן קיין דײַטשלאַנד אין אורלויב, ווײַל זייערע באַלעבאַטים האָבן געהאַלטן זייער „צעך" פאַר א גאַנץ שעדלעכן און האָבן געזען אָפּהיטן זייער געזונט. אין דער היים זײַנען זיי געגאַנגען מיט פאַריסער קעפּ און האָבן געשוויגן וועגן זייער אַרבעט ניט דערפאַר, ווײַל זיי האָבן זיך מיט איר געשעמט, נאָר ווײַל אַזאַ איז געווען די פאַראָרדענונג, און ווען זיי פלעגן אינאָווענט גיין געאָרעמט מיט זייערע פרויען אין קינאָ און האָבן דאָרט הויך געלאַכט, טופּענדיק מיט די אונטערגעשמידטע שטיוול, איז זיי שווער געווען צו אונטערשיידן פון געוויינלעכע מענטשן.

דער זומער 1943 איז אין יענע מעקוימעס געווען אַן אויסערגעוויינלעך הייסער. לאַנגע וואָכן אָן רעגן און ווינט. די אַרבעט פון פאַרברענען די מייסים איז געווען אין סאַמע ברען. שוין בא א זעקס כאַדאָשים האָבן טאָג ווי נאַכט געברענט די אויוונס, און פאַרברענט איז געווען ערשט עטוואָס מער ווי א העלפט פון די דערהאַרגעטע.

די אַרעסטירטע, וואָס האָבן געאַרבעט באַם פאַרברענען מייסים, פלעגן ניט אויסהאַלטן די שוידערלעכע פּי-



זישע און מאָראַלישע ליידן, טאָג-טעגלעך פלעגן באַגיין זעלבסטמאָרד 15—20 מענטשן. פיל פון זיי האָבן געזוכט דעם טויט דורך ברעכן די דיסציפּלינאַרע קלאָלים.

„באַקומען א קויל איז געווען א לוקסוס" — האָט מיר דערציילט א באָכער, וואָס איז אַנטלאָפן פון לאַגער. א סאַך מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זײַן אין טרעבלינקע פאַרורטיילט צו לעבן איז פיל שרעקלעכער, ווי זײַן פאַרורטיילט צו טויט.

דעם שלאַק און דעם אַש פלעגט מען אַרויספירן הינטער דער לאַגער-צאַם. די פויערים פון דאָרף וואָלקע, מאָביליזירטע דורך די דײַטשן, האָבן אָנגעלאָדן דעם אַש און דעם שלאַק אַף פורן און האָבן עס אויסגעשאָטן לענגאויס דעם וועג, וואָס האָט געפירט פאַרבײַ דעם טויט-לאַגער צום פוילישן שטראָף-לאַגער. אַרעסטירטע קינדער האָבן מיט לאָפּעטעס אויסגעשאָטן און אויסגעגלײַכט דעם אַש איבערן וועג. טיילמאָל פלעגן זיי געפינען אינעם אַש צונויפגעשמאָלצענע גאָלדענע מאַטבייעס, צונויפגעשמאָלצענע גאָלדענע ציין. די קינדער האָט מען גערופן „קינדער פון שוואַרצן וועג".

דער דאָזיקער וועג איז פון אַש געווען שוואַרץ ווי א טרויער-סטענגע. די רעדער פון מאַשינעס האָבן עפּעס אַפּ א ספּעציעלן אויפן גערוישט איבער דעם דאָזיקן וועג, און ווען איך בין געפאָרן איבערן וועג, האָט זיך פון אונטער די רעדער די גאַנצע צײַט געהערט א טרויי-

עריקער רויש, א שטילער, ווי עמעץ וואָלט זיך ניט
דורשט קלאַנג. די דאָזיקע שוואַרצע טריקער-סטענגע פון
אַש, וואָס האָט זיך צעווישן וועלדער און פעלדער געצויגן ווי
פונעם טויט-לאַגער צום פּויליש לאַגער, איז געווען ווי
א מין טראַגישער סימבאָל פון דעם שרעקלעכן געמיינ-
זאַמען גורל פון אַלע פעלקער, וואָס איבער זיי האָט
פאַרהויבן זיין האַק דאָס היטלעריִשע דײַטשלאַנד.
די פּויערים האָבן געפּרוּווט דעם אַש און דעם שלאַק
פון פּריִלינג 1943 ביז זומער 1944. יעדן טאָג פון צו
דער אַרבעט אַרויסגעפירט צוואַנציק פּורן. יעדע פּלוגע פון זיי
פּלעגט 6—8 מאָל א טאָג אָנלאָדן צו זיבן — אַכט פּוד אַש
און שלאַק.
אין דער ליד „טרעבלינקע“, וואָס די דײַטשן האָבן
געצוווּנגען זינגען די 800 ייִדן, וועלכע האָבן געאַרבעט
באַם פאַרברענען די מייסים, זיינען פאַראַן ווערטער וועגן
דעם, אַז מע מוז זיין האָרכזאַם און פאָלגעוודיק. דער-
פאַר האָט מען אָט אַזוי אויסגעטראַכט: א קליין רע-
גיעלע, גליק, וואָס אָט דאָס איז „א קליין, אַ קליין
רגע“, און ווינדערבאַר שווינדלט פאַרביי פון אייביק...
געגעבן איז ווינדערבאַר ... געווען אַ ...
דײַטשן האָבן אָבער א מאָל געזאָגט דעם טאָג, די פּאָל-
געוועלטיקע האָבן געשאָנקען דעם טאָג דעם טויט-
פאַרורטיילטע פון טרעבלינקע. די געוואַלטיקע פון דורכ-
מע האָט געבויט אַ טאָג, בא די אַרבעטערס פון דעם יידן

אין אומשטאַנד א פּלאַן פון אַן אומשטאַנד. אַלע זיינען
זיי געווען טויט-פאַרורטיילטע, יעדער טאָג פון זייער
לעבן איז געווען א טאָג פון ליידן און פּיין. קיין איי-
נעם פון זיי, די אײַדעס פון די שוידערלעכסטע פאַר-
ברעכנס, וואָלטן די דײַטשן ניט געשאַנעוועט, אַז זיי
אַלעמען האָט געוואַרט די „גאַזאָווניע“. מע פּלעגט זיי
טאַקע נאָך א פּאָר טעג אַרבעט אוועקשיקן אַהין, פאַר-
ביטנדיק זיי מיט נײַע פון די אָנקומענדיקע טראַנספּאָרטן.
בלויז עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן געלעבט ניט קיין
שאָצע און טעג, נאָר וואָכן און כאַדאָשים — קוואַליפי-
צירטע מײַסטערס: סטאָליערס, שניידערס, ווי אויך בעקערס,
שניַידערס, שערערס, וואָס האָבן באַדינט די דײַטשן.
אָט זיי האָבן עס געשאַפן דעם אויפשטאַנד-קאָמיטעט.
פאַרשטייט זיך, אַז נאָר מיט טויט-פאַרורטיילטע און נאָר
מענטשן, אַרויסגעכאַפטע מיטן געפיל פון ביטערער נע-
קאָמע און אומגעהויערן האָס, האָבן געקאָנט שאַפן אַזא
מעשוגענעם אויפשטאַנד-פּלאַן. זיי האָבן ניט געוואָלט אַנט-
לויפן, ביז זיי וועלן ניט פאַרניכטן טרעבלינקע. און זיי
האָבן זיי פאַרניכטעט. די אַרבעטער-באַראַקן האָט זיך
אָנגעהויבן באַווייזן געווער: האַק, דיי-גאַפּלען, „פּלעקערס“.
מיט וואָס פאַר א פּרייז, מיט וואָס פאַר ווילדער רי-
זיקע איז געווען פאַרבונדן דאָס קריגן יעדע האַק און
יעדן מעסער! ווי פיל אײַנגעהאַלטענער געדולד, פּיקטרע-
קייט און פלינקייט האָט מען געדאַרפט אַרויסווייזן, קע-

דיי אויסצובאהאלטן דאָס אלץ פון די אונטערזוכונגען. עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן רעזערוון בענזין אָס צו באַגיסן און אונטערצוצינדן די לאַגער-געבײַדעס. וויאַזוי פלעגט זיך אָנזאַמלען אָט דער בענזין און וווהין פלעגט ער נעלעמט ווערן? דאָס האָט געקאָסט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון קוי-כעס, סייכל, ווילן, דערצו האָט מען געדאַרפט אַרויסווײַזן אומגעהייערע געוואַגטקייט. ענדלעך האָט מען זיך אונטער-געגראָבן אונטער דעם אַרסענאַל. אויך דאָ האָט די גע-וואַגטקייט געהאָלפן די מענטשן, דער גאַנג פון דרייסט-קייט האָט זיי באַשירעמט. פון אַרסענאַל האָט מען אַרויס-געטראָגן צוואַנציק האַנט-גראַנאַטעס, א קוילנוואַרפער, קאַ-ראַבינען, פיסטאָלעטן. דאָס אלץ איז פאַרשוויגנדיג אין די באַהעלטענישן, וואָס די פאַרשווערער האָבן אויסגעגראָבן. די אָנטיילנעמער פון דער פאַרשווערונג האָבן זיך אײַנ-געטיילט אין פינפלינגען. דער קאָלאָסאַלער קאָמפּליצירטער פּלאַן פונעם אופשטאַנד איז פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן ביז די קלענסטע פּראָטים. יעדער פינפלינג האָט געהאַט זײַן פינקטלעכע אויפגאַבע. און יעדע אויפגאַבע איז גע-ווען א מעשוגאַס. אייניקע איז אָנגעטרויט געוואָרן שטו-רעמען די טורעמס, ווו עס זײַנען געזעסן וואַכלײַט מיט קוילנוואַרפערס. אַנדערע האָבן געדאַרפט אומגעריכט אַטאַ-קירן די וואַכלײַט, וואָס האָבן אַרומגעמאַרשירט בײַ די דורכגענג צווישן די לאַגער-פּלעצער. נאָך אַנדערע ווידער האָבן געזאָלט אַטאַקירן די פּאַנצער-מאַשינעס. די פּערטע





דער איצטיקער אויסזען פונעם טויט-לאַגער אין טרעבלינקע.

האָבנ געזאָלט איבערשנײַדנ די טעלעפאָנ-פארבינדונג. די
פינפטע — אָנפאלנ אפ די קאזארמעס. די זעקסטע האָבנ
געזאָלט מאכנ דורכגענג דורכ דעם שטעכיקנ דראָט. די
זיבעטע האָבנ געדארפט אײַנאָרדענענ א בריק דורכ די
קעגנטאנק-רויענ. די אכטע — באגיסנ מיט בענזינ די גע-
בײַדעס אונ אונטערצינדנ. די נײַנטע — צעשטערנ אלצ,
וואָס מע האָט נאָר געקאָנט צעשטערנ.

עס איז אפילע פּאָרויסגעזענ געווענ וויאַזוי צו באַזאָרגנ
מיט געלט די אנטלאָפענע. דער וואַרשעווער דאָקטער,
וואָס האָט געקליבנ דאָס געלט, האָט שיר-שיר ניט דורכ-
געוואָרפנ די גאנצע זאכ. איינמאָל האָט דער שאַרפיורער
באמערקט, אז פונ דעם דאָקטערס הויזנ-קעשענע שטעקט
א גראָב פּעקל געלט — דאָס איז געווענ די אָרדנטלעכע
פּאָרציע געלט, וואָס דער דאָקטער האָט זיכ געקליבנ
באהאלטנ אינעם באשטימטנ אָרט. דער שאַרפיורער האָט
געמאכט אנ אָנשטעל, אז ער האָט קיינ זאכ ניט בא-
מערקט אונ האָט גלײַכ געמאָלדנ וועגנ דעם קורט פראנצנ.
דאָס איז, פארשטייט זיכ, געווענ אנ אויסערגעוויינלעכע
געשעעניש. פראנצ איז אוועק פערזענלעכ אויספרעגנ דעם
דאָקטער. ער האָט גלײַכ כוישעד געווענ, אז דאָ איז
עפּעס ניט גלאטיק. טאקע אזוי, צו וואָס דארפ א טויט-
פארורטיילטער געלט?

פראנצ איז צוגעטראָטנ צום פארהער זיכער אונ אָנ
אײַלעניש. געוויס, זײַנענ אפ דער וועלט געווענ זייער



ווייניק מענטשנ, וואָס האָבנ געקאָנט אָנווענדנ אזוינע
פּײַניקונגענ ווי ער. אונ ער איז זיכער געווענ, אז אפ
דער גאנצער ערד וועט זיכ ניט געפינענ קיינ איינ מענטש,
וואָס זאָל קאָנענ בײַשטיינ קעגנ די פּײַניקונגענ, וואָס ער,
דער האופּטמאנ קורט פראנצ, האָט אינ זײַנ רעשוס.
דער וואַרשעווער דאָקטער האָט אָבער געמאכט צום נאַר
דעם עסעסישנ האופּטמאנ. ער האָט אײַנגענומענ סאם.
איינער פונ די אָנטייל־נעמער פונעם אופשטאנד האָט דער-
ציילט, אז אינ טרעבלינקע האָט מענ נאָכ קיינמאָל אזוי
ניט געפּרוווט ראטעווענ א מענטשנ דאָס לעבנ, ווי דאָס
מאָל. וויזט אויס, פראנצ האָט בעכוש פארשטאנענ, אז
דער שטארבנדיקער דאָקטער טראָגט אוועק מיט זיכ א
וויכטיקע געהיימניש. דײַטשישע סאם ווירקט אָבער זי-
כער, אונ דער סאָד איז געבליבנ א סאָד.

סאָפּ יול איז געוואָרנ מורעדיק הייס. ווענ מע פּלעגט
עפענענ די קוואָרימ, פּלעגט פונ זיי, ווי פונ גיגאנטישע
קעסלענ, גייענ א דאמפּ. די אויסגעפּײַניקטע מענטשנ, וואָס
האָבנ געשלעפּט די טויטע, זײַנענ אליינ געפאלנ טויט
אפ די גראָטעס פונ די אויוונס. מיליאָרדנ שווערע אָפּ-
געפרעסענע פליגנ האָבנ פארפולט די לופט. מע האָט גע-
האלטנ אינ פארברענענ די לעצטע הונדערט טויזנט מײַ-
סימ.

דער אופשטאנד איז געווענ באשטימט אפנ 2 אוי-
גוסט. דער אָפּגערעדטער סיגנאל איז געווענ א שאָס פונ

א רעוואָלווער. די פאָנ פונ דערפאָלג האָט באשירעמט
די אופשטענדלער. אינ הימל אריינ האָט א זעצ געטאָנ
א נייער פלאמ, ניט דער שווערער, אינ פעטנ רויכ איינ-
געהילטער פלאמ פונ ברענענדיקע מייסימ, נאָר דער הע-
לער שטורמישער פלאמ פונ א סריפע. עס האָבנ זיכ
אָנגעכאפט די לאגער-געביידעס. אונ די אופגעשטאנענע
האָט זיכ געדוכט, אז די זונ אליינ האָט צעריסנ איר
קערפער אפ שטיקער אונ ברענט איבער טרעבלינקע,
ריכט אָפ דעמ יאָמטעוו פונ פרייהייט אונ ערע.
עס האָבנ זיכ צערעדט קאראבינענ. פארכלינענדיק
זיכ פונ פרייד, האָבנ אָנגעהויבנ שטעפנ די קוילנוואר-
פערס אפ די טורעמס, וועלכע עס האָבנ פארכאפט די
אופשטענדלער. פייערלעכ, ווי גלעקער פונ עמעס, האָבנ
א הודע געטאָנ די אופרייסנ פונ די האנט-גראנאטעס.
די לופט האָט זיכ אופגעטרייסלט פונ א טראסקעריי אונ
פונ א קנאלעריי. עס זיינענ איינגעפאלנ געביידעס, דאָס
פייפנ פונ די קוילנ האָט פארטויבט די הודעניש פונ
די מייסימ-פליגנ. אינ דער קלאָרער אונ לויטערער לופט
האָבנ געשווינדלט פארבלוטיקטע העק. אינעמ טאָג פונ 2
אווגוסט האָט זיכ אפ דער ערד פונעמ טרעבלינקער גע-
נעמ פארגאָסנ דאָס בייזע בלוט פונ די עסעסאָווצעס.
אונ עס האָט אויסגעזענ ווי אליינ דער שיינענדיקער
בלויער הימל וואָלט טריומפירנ אונ פייערנ דעמ טאָג פונ
מעצעלונג.



אונ דאָ האָט זיכ מער ווי ערגעצ אנדערש ארויס-
געוויזנ, וואָס עס שטעלנ מיט זיכ פאָר די פארשטייער
פונ דער „העכערער“ ראסע, די נעפאשעס, וואָס פלעגנ
אזוי דונערדיק באפוילנ א האמוינ הילפלאָזע, אומבאוואָפנטע
מענטשנ „אכטונג! די היט אראָפ!“, די נעפאשעס, וואָס
האָבנ מיט גרויליקע, דערשיטערנדיקע שטימענ פונ הארצ
ארויסגערופנ די ווארשעווער איינוווינער פונ זייערע היי-
זער צומ טויט: „אלע ארויס!“, די דאָזיקע נעפאשעס,
וואָס זיינענ געווענ אזוי זיכער אינ זיכ, ווענ עס האָט
זיכ געהאנדלט וועגנ הארגענענ מיליאָנענ פרויענ אונ
קינדער, איז ווענ עס איז דערגאנגענ צו אנ עמעסנ
טויט-געשלעג, האָבנ זיי זיכ ארויסגעוויזנ פאר קליינלעכע
פאכדאָנימ. זיי האָבנ זיכ פארלוירנ, זיי האָבנ זיכ גע-
וואָרפנ, ווי שטשורעס, זיי האָבנ פארגעסנ וועגנ דער
טייוולאָניש דורכגעטראכטער סיסטעמ פונ דער פארטיי-
דיקונג פונ טרעבלינקע, וועגנ דעמ פאר פרייער אָנגע-
גרייטנ אלצ איינשלינגענדיקנ פלאמ, זיי האָבנ פארגעסנ
וועגנ זייער געווער. נאָר צי איז קעדיי וועגנ דעמ צו
ריידנ אונ דאָס צו באוווּנדערנ?
אינ דריטהאלבנ כאדאָשימ ארומ, דעמ 14 אָקטיא-
בער 1943, איז פאָרגעקומענ אנ אופשטאנד אינ דער
סאָביבורער טויט-פאבריק, אנ אָרגאניזירטער דורכ א סאָוועט-
טישנ קריגס-געפאנגענעמ א פאָליטרוק פונ ראָסטאָוו, מיטנ
נאָמענ סאשקאָ. אויכ דאָרט האָט זיכ איבערגעכאזערט

דאָס זעלבע, וואָס אינ טרעבלינקע: מענטשנ האלב טויטע
פונ הונגער האָבנ זיכ געספּראוועט מיט הונדערטער אויס-
ווורפנ עסעסאָווצעס, פארלאָפענע מיט פּעטס פונ אומ-
שולדיק פארגאָסנ בלוט. די אופשטענדלער האָבנ מיט דער
הילפ פונ העק, אויסגעקאָוועטע אינ די לאגער-קוזניעס,
מיט דינעמ זאמד, וואָס סאשקאָ האָט געהייסנ פארגרייטנ
אינ די קעשענעס אפ צו שיטנ די וועכטער אינ די
אויגנ — אָט מיט דעמ געווער האָבנ זיי זיכ אנ אייצע
געגעבנ מיט דער וואכ.

ווענ עס האָט זיכ אָנגעכאפּט טרעבלינקע, אונ די
אופשטענדלער האָבנ אינ שווייַגעניש זיכ אָפּגעזעגנט מיטנ
אש פונעמ פאָלק אונ זייַנענ אוועק הינטער די דראָטנ,
האָבנ זיכ פונ אלע זייַטנ א לאָז געטאָנ עסעסישע אונ
פאָליצייִשע טיילנ פארפאָלגנ די אוועקגייענדיקע. נאָכ זיי
זייַנענ געלאָזנ געוואָרנ הונדערטער פאָליציי-הינט. די
דייַטשנ האָבנ מאָביליזירט די אוויִאציע. די שלאכטנ זייַ-
נענ געגאנגענ אינ די וועלדער, אינ די זומפּנ, אונ בלויז
געציילטע מענטשנ פונ די אופשטענדלער האָבנ דער-
לעבט ביז איצט.

נאָכנ 2 אווגוסט האָט טרעבלינקע אופגעהערט צו
עקזיסטירנ. די דייַטשנ האָבנ פארברענט די געבליבענע
מייסימ, צענומענ די געמויערטע געבייַדעס, אראָפּגענו-
מענ די דראָטנ, פארברענט די הילצערנע באראקנ, וואָס
די אופשטענדלער האָבנ ניט באוויזנ אונטערצוצינדנ. עס



איז אופגעריסנ אונ טיילווייַז אוועקגעפירט געוואָרנ די
אויסשטאטונג פונ דער טויט-געבייַדע, מע האָט פאר-
ניכטעט די אויוונס, ארויסגעפירט די עקסקאוואטאָרנ, די
קאָלאָסאלע אָנצאָליקע רויענ זייַנענ פארשאָטנ געוואָרנ
מיט ערד, ביזנ לעצטנ שטיינ איז צענומענ געוואָרנ די
געבייַדע פונעמ וואָקזאל, לעסאָפּ זייַנענ צענומענ אונ
ארויסגעפירט געוואָרנ די אייַזנבאנ-קאָלייעס. אפ דער טע-
ריטאָריע פונ לאגער האָט מענ פארזייט לופינ אונ עס
האָט אוועקגעשטעלט זייַנ הייַזל דער קאָלאָניסט סטרעבענ.
איצט איז ניטאָ אויכ דאָס דאָזיקע הייַזל. מע האָט עס
פארברענט.

וואָס האָבנ די דייַטשנ דערמיט געוואָלט דערגרייכנ?
באהאלטנ די שפּורנ פונ דער שכיטע — פונ די מיליאָנענ
מענטשנ, וואָס זייַנענ דערהארגעט געוואָרנ אינ טרעב-
לינקער גענעמ? ווי איז עס אָבער מעגלעכ? צי קאָנ מענ
צווינגענ צו שווייַגנ די טויזנטער מענטשנ, וואָס זאָגנ
איידעס וועגנ דעמ, וויאזוי פונ גאנצ אייראָפּע זייַנענ
געגאנגענ עשעלאָנענ מיט טויט-פארורטיילטע צומ אָרט
פונ דער קאָנווייער-שכיטע? צי קאָנ מענ אויסבאהאלטנ
דעמ טויטנ, שווערנ פלאמ אונ דעמ רויכ, וואָס זייַנענ
אכט כאדאָשימ באטאָג אונ באנאכט געהאנגענ אינ הימל
פאר די אויגנ פונ די אייַנוווינער פונ צענדליקער דער-
פער אונ שטעטלעכ? צי קאָנ מענ ארויסרייַסנ פונ זיקאָרנ,
צווינגענ פארגעסנ דעמ שוידערלעכנ יאָמער-געשריי פונ

די פרויען און קינדער, וואָס פלעגט ארויסטרייבן די פויערים פונעם דאָרף וואלקע אין וואלד אריין? ווער קאָן צווינגען צו שווייגן די פויערים, וואָס האָבן א יאָר צייט נאָכאנאנד געפירט מענטשלעך אש פון לאגער אף די ארומיקע וועגן? ווער קאָן צווינגען שווייגן די לעבן געבליבענע אײדעס פון דער ארבעט פונעם טרעבלינקער שעכטהויז, זינט עס איז אנטשטאנען ביזן לעצטן טאָג פון זיין עקזיסטענץ, די אײדעס, וואָס דערציילן אלע איינס און דאָס זעלבע וועגן יעדן עסעסאָוועץ און וואכמאן, אײדעס, וועלכע שטעלן אוף שריט נאָך שריט, שאָ נאָך שאָ דעם טרעבלינקער טאָגבוך? צו זיי קאָן מען שוין ניט קיין געשריי טאָן „די היט אראָפ!". זיי קאָן מען שוין ניט אוועקפירן אין דער „גאזאָווניע", דאָ קאָן שוין מער קיין זאך ניט העלפן הימלערן, און שוין אוואדע און אוואדע ניט זיינע געהילפן, וועלכע זיצן איצט פאר אונדז מיט נידעריק־אראָפגעלאָזטע קעפ, צופן מיט די ציטערנדיקע פינגער די פאָלעס פון זייערע רעקלעך און דערציילן מיט א נודנער, געמאָסטענער שטימ די געשיכטע פון זייערע פארברעכנס, וואָס זעט אויס ווי א מעשוגאס און ווי היץ־רייד פון א קראנקן.

א סאָוועטישער אָפיצער מיט א גרינ בענדל פון דעם סטאלינגראדער מעדאל פארשרייבט א בויגן נאָך א בויגן די באווייזן פון די מערדער. און בא דער טיר שטייט אויך מיט צונויפגעדריקטע ליפן א וועכטער. און אף דער ברוסט בא אים איז אויך א סטאלינגראדער מעדאל, און זיין דאר טונקל פּאָנעם איז הארב און שטרענג. דאָס איז דאָס פּאָנעם פון דער פאָלקס-גערעכטיקייט.

די סטאלינגראדער זיינען געקומען קיין טרעבלינקע. קורץ איז געווען דער וועג פון וואָלגע ביז דער ווייסל. און איצט וויל די טרעבלינקער ערד אליין ניט זיין קיין אָנטיילנעמער אין די פארברעכנס, וואָס עס זיינען באגאנגען די אויסוווּרפן. זי רייסט ארויס פון זיך די ביינער, די זאכן פון די דערהארגעטע, וואָס די היטלעריסטן האָבן געפרוווט באהאלטן אום צו פארווישן די שפורן פון די פארברעכנס.

---

מיר זיינען געקומען אין טרעבלינקער לאגער אָנהייב סענטיאבער 1944, דאָס הייסט, אין 13 כאדאָשים ארום נאָכן טאָג פון אופשטאנד. 13 כאדאָשים האָט געארבעט די קאָנווייער-שכיטע. דרייצן כאדאָשים האָבן די דייטשן געפרוווט צו פארווישן די שפורן פון איר ארבעט.

שטיל. קוים עס באוועגן זיך די קרוינען פון די סאָסנעס, וואָס שטייען לענגויס דער אייזנבאן. אָט אף די סאָסנעס, אף דעם זאמד, אף דעם אלטן פניאָק האָבן געקוקט מיליאָנען מענטשלעכע אויגן פון די וואגאָנעס, וואָס זיינען לאנגזאם צוגעפאָרן צום פעראָן. שטיל רוישט דער אש און דער צעמאָלענער שלאק אפן שווארצן וועג, וואָס איז ארומגעלייגט מיט ווייס־געפארבטע שטיינער.

מיר גייען אַרײַן אין לאַגער, מיר גייען איבער דער טרעבלינקער ערד. די סטרוקעס פֿונעם לופּינ פּלאַצן באַ דער קלענסטער באַרירונג, פּלאַצן מיט אַ לײַכטן קלינגען. מיליאָנען אַרבעסלעך פֿאַלן אַף דער ערד. דער קלאַנג פֿון די פֿאַלנדיקע אַרבעסלעך, דער קלאַנג פֿון די פּלאַצנדיקע סטרוקעס גיסט זיך צונויף אין אַ דורכויסיקער, טרויעריקער און שטילער מעלאָדיע. עס דוכט זיך, אַז פֿון דער סאַמע טיפֿעניש פֿון דער ערד דערטראָגט זיך דער קיווער-קלאַנג פֿון קלײנינקע גלעקעלעך, קוים צו הערן, טרויעריק און רויִק. און די ערד וואַקלט זיך אונטער די פֿיס, אַ פּוכקע, אַ פֿעטע, ווי זי וואָלט זײַן באַגאָסן מיט אייל, די ערד פֿון טרעבלינקע.

די ערד שפּײַט אַרויס פֿון זיך צעמאָלענע ביינדלעך, ציין, זאַכן, פּאַפּירן, זי וויל ניט אײַנשלינגען די געהיימניש.

און די זאַכן קריכן אַרויס פֿון דער צעפּלאַצטער ערד, פֿון אירע ניט פֿאַרהיילטע ווונדן. אָט זײַנען זיי — די האַלב-צעפֿוילטע העמדער פֿון די דערהאַרגעטע, הויזן, שיך, גרין-געוואָרענע פּאָרטסיגאַרן, רעדעלעך פֿון האַנטזייגערס, מעסערלעך, גאָל-מאַכשירים, לײַכטערס, קינדערשע שיכלעך מיט רויטע פּאָמפּאָנען, האַנטעכער מיט אוקראַיִנישע מוסטערן, געהאָפּטן וועש, שערלעך, פֿינגערהוטן, קאָרסעטן, באַנדאַזשן. און ווײַטער קריכן פֿון דער ערד אַף דער אויבערפֿלאַך בערג געפּעס: סקאָוורעדעס, אַליומיניעווע פֿענדלעך, פֿענדעלעך, טעפּעלעך, בידאָנען,



בערג מיט געפּעס, לײַכטער, טאַליסים, בלעטער פֿון ספֿרים — דער אײנציקער אָנדענק נאָך די דערהאַרגעטע.

קינדערשע טעצלעכ פונ פלאכטמאסע... אונ וויַיטער גייענ ארויס פונ דער אָנגעפּוישטער ערד, פּונקט ווי עמעצנס א האנט וואָלט ארופגעשטופּט אפ דער אויבערפלאכ אלץ, וואָס די דיַיטשנ האָבנ געוואָלט באהאלטנ, גייענ ארויס אפ דער אויבערפלאכ האלב צעפוילטע סאָוועטישע פּעסער, נאָטיצ-ביכלעכ אפ בולגאריש, קינדערשע פּאָטאָגראפיעס פונ ווארשע אונ ווינ, בריוו מיט א קינדערשנ קסאוו, ביכעלעכ לידער, א טפילע, פארשריבנ אפ א געל שטיקל פּאפּיר, פּראָדוקטנ-קארטלעכ פונ דיַיטשלאנד... אונ אומעטום הונדערטער פלאקאָנענ אונ פּיצינקע געטאָקטע פלעשעלעכ פונ פּארפום — גרינע, ראָזע, בלויע... אונ איבער דעמ אלעמענ א שרעקלעכער איפּעש פונ פוילונג. עס האָבנ אימ ניט געקאָנט באזיגנ ניט דאָס פיַיער, ניט די זונ, ניט די רעגנס, ניט דער שניי, ניט די ווינטנ. אונ הונדערטער קליינע וואלד-פליגנ פליִענ ארומ איבער די האלב-פארפוילטע זאכנ, פּאפּירנ, פּאָטאָגראפיעס.

מיר גייענ אלץ וויַיטער איבער דער זיכ וואקלענדיקער טרעבלינקער ערד, אונ פּלוצלינג שטעלנ מיר זיכ אָפּ. רויטע, ווי מעש, פלאקערנדיקע געקריַיזלטע געדיכטע האָר, דינע, ליַיכטע, וואונדער-שיינע האָר פונ א מיידל, פארטאָפּטשעטע אינ דער ערד אונ בישכיינעס—העלע לאָקנ, אונ וויַיטער שווארצע, שווערע צעפּ אפנ העלנ זאמד, אונ וויַיטער נאָכ אונ נאָכ — דאָס, וואָס איז געוועזנ בלויז אינ איינ ניט ארויסגעפירטנ פארגעסענעמ זאק האָר. דאָס



איז אלצ עמעס! די ווילדע לעצטע האָפענונג, אז דאָס איז אלצ א כאָלעמ, איז צערונענ.

אונ די סטרוקעס פונעמ לופּינ קלינגענ אונ קלינגענ, עס פאלנ די ארבעסלעכ, פּונקט ווי פונ אונטער דער ערד וואָלט זיכ ווירקלעכ דערטראָגנ דאָס קלינגענ פונ אָנצאָליקע קליינע גלעקער. אונ עס דאכט זיכ — דאָס הארצ וועט זיכ באלד אָפּשטעלנ, צונויפגעדריקט פונ אזא טרויער, פונ אזא צאר, פונ אזא ווייטעק, וואָס א מענטש איז ניט אימשטאנד אריבערצוטראָגנ.

---

זאָלנ געלערנטע סאָציאָלאָגנ, קרימינאליסטנ, פּסיכיאטרענ, פילאָזאָפנ טראכטנ: וואָס זשע איז דאָס אזוינס, וואָס?—אָרגאנישע שטריכנ פונעמ דיַיטשישנ פאָלק, יערושע, דערציִונג, סוויווע, אויסערלעכע באדינגונגענ, היסטאָרישע באשטימונג, דער פארברעכערישער ווילנ פונ די אָנפירער? וואָס איז דאָס אזוינס, ווי איז דאָס געשענ? אומגעהייער גרויס איז דער טיַיכ פונעמ אומשולדיקנ בלוט, וואָס די דיַיטשנ האָבנ פארגאָסנ. אונ הײַנט איז ווייניק צו ריידנ וועגנ דער פאראנטוואָרטלעכקיַיט פונ דיַיטשלאנד פאר דעמ, וואָס עס איז פאָרגעקומענ. היַינט מוז מענ ריידנ וועגנ דער פאראנטוואָרטלעכקיַיט פונ פעלקער אונ פונ יעדנ בירגער פונ דער וועלט פאר דער צוקונפט.

מיר דארפנ געדענקענ, אז דער נאציזמ, דער פא-

שיזמ וועט ארויסטראָגנ פונ דער דאָזיקער מילכאָמע ניט נאָר די ביטערקײַט פונ דער מאַפּאָלע, נאָר אויכ די זיסע דערינערונגענ וועגנ לײַכטע מאסנ-מאָרדנ.

יעדער מענטש איז הײַנט מעכויעוו פאר זײַנ געוויסנ, פאר זײַנ קינד אונ פאר זײַנ מוטער, פאר זײַנ היימלאנד אונ פאר דער מענטשהײַט מיטנ גאנצנ קויעכ פונ זײַנ נעשאָמע אונ פונ זײַנ סייכל צו ענטפערנ אפ דער פראגע: וואָס האָט געבוירנ דעמ ראסיזמ, וואָס איז נייטיק, אז דער נאציזמ, דער היטלעריזמ זאָל קיינמאָל טכיאס-האמייסימ ניט אופשטיינ ניט פונ דער ערד, ניט פונ יענער זײַט אָקעאנ, אינערגעצ אונ קיינמאָל.

וועגנ דעמ דארפ הארב אונ טאָג-טעגלעכ געדענקענ יעדער איינער, ווענמענ עס איז טײַער די ערע, די פרײַהײַט, דאָס לעבנ פונ אלע פעלקער, פונ דער גאנצער מענטשהײַט.

---

15

1 р. 50 к.

ВАС. ГРОССМАН

# ТРЕБЛИНСКИЙ АД

ОГИЗ
Госиздательство „Дер Эмес"
Москва, Старопанский пер., 1.